# אַ קִינְד אִין וַואלְד

אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶע שֵׁינֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס הָאט זִיךְ אַ מָאל אִין
דֶער וֶועלְט גִיטְרָאפִין . וִויא אַזוֹי אַיין בָּארָאן הָאט אַ קִינְד
גִיפוּנֶען אִין אַוַואלְד , אוּנ פוּן דִיא בֶּערִימְטֶע רוֹיבֶּער
רָאזְשֶׁער מִיט דֶער בַּאנְדֶע

ערשטער טהייל

פון


י. פ. האלקין


---


## זיטאמיר

גערדוקט בייא ה' י. מ. באקשט

הובא לבה"ד ע"י פבי"ל מאלראווסקי והזכות נמכר לרא"א בבא"ד

שנת תרלו לפ"ק


---

ДИТЬЯ ВЪ ЛѢСУ


ЖИТОМИРЪ
Въ Типогрфій И. Бакста
1875

דער וואס האט גערייזט אין בעהמען , האט געזעהן דיא
אלטפרייינקעשע שלעסער . דיא גרויסע וועלדער , מיט הויכע בערג , דיא
היילין וואס געהן דארטין אונטער דער ערד , קיינער ווייסט אין זייא דיא
וועגין ניט , מען ווייסט ניט דעם אריינגאנג און דעם ארויס גאנג , פון
וואנען איטליכע הייל הייבט זיך אן און וויא זיא לאזט זיך אויס , שוין פון
גאנץ לאנגע יאהרען אז זייא ווערין ניט באניצט צו שטרייטבעדערפענישין
נאר אמיינסטען האלטען זיך דארטען אויף רייבער , וואס מאכען זעהר
אומגליקליך דיא איינוואהנער , ראבעווען און הארגענין אויך פיל מאל
דיא רייזענדע , דיא קעניגרייך האט שוין אלע מיגליכקייט גיטאן אום צוא
רוימען זייא פון דיא דאזיגע ערטער , שוין ניט איין מאל האט מען זייא
פון דארטין פאר טריבען , אבער אין אקורצער צייט בעזעצין זייא זיך
דארטין ווייטער ;

אין דער צייט וואס אונזער געשיכטע הייבט זיך אן , האט געהערשט
איבער דיא רייבער אשרעקליכער מענטש מיטין נאמען ראזשער , פאר
וועלכען דיא רעגירונג האט פערשפראכען אגרויס רייכטהום צו שענקען
דעם דאזיגען וואס וועט אים ברייננגען טויט אדער לעבעדיג , פאר זיין
נאמען האט געציטערט דער גאנצער געגענד , דער ראזשער האט זיך אין
דער צייט דאס צווייטע מאל בעזעצט אין דיא דאזיגע וועלדער און איבער
אניים גימאכט זעהר אומרוהיג דיא איינוואהנער און רייזענדע ,

ניט ווייט פון דיא וועלדער איז געשטאנען איין אלטער שלאס וועלכער
עס האט געהערט צו זעהר אריכען באראן פ ר י צ ע ר י ן , דער שלאס
איז געוועזין זעהר פעסט ארום געבויעט , מיט גרויסע טהורעמס , מיט
פאריאמנע

פַארְיָאמְנָע בְּרִיקֶען , אוּנ פַארבְּרֵייטֶערְט מִיט פִיל גִיוֶוער • דֶער בַּארָאן אַלֵיין הָאט אִין דִיא יוּנְגֶע יָאהרֶען גֶעדִינְט אִין מִילִיטֶער , אוּנ הָאט זִיךְ דֶער דִינְט אַגְרוּיסְן טְשִׁין , דַארוּם אִיז עֶר גֶעוֶועסְן אִין זַיין שְׁלָאס רוּהִיג , אוּנ אִיז גֶעוֶוען גַאנְץ זִיכֶער אַז עֶר וֶועט קֶענִין בַּייא שְׁטֶעהֶען אַקֶעגֶען רָאזֶשֶערִין מִיט זַיין גַאנְצֶער בַּאנְדֶע , אָדֶער אַקֶעגִין אַנְדֶערֶע שַׁייקֶעס וָואס פְּרֶעגֶען אִין דֶער צַייט זַיין זֵייעֶר בְּנִמְצָא •

דֶער בַּארָאן פְּרִיצֶעדִין הָאט גִיהַאט נָאר אֵיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער פוּן זִיבִּיצֶען יָאהר מִיטִין נָאמִין קְלִימֶענְצִיֶע , עֶר הָאט זִיא עֶרְצֵייגֶען אִין אֵיינֶם מִיט אַפְרֶעמְדֶר קִינְד וָואס עֶר הָאט גִיפוּנֶען אִין וַואלְד , דָאס קִינְד הָאט גְהֵייסֶען מִיט זַיין נָאמֶען וִויקְטָאר , עֶר אִיז גִיוֶוען אִין אֵיינֶע יָארִין מִיט קְלִימֶענְצֶען , זֵייא הָאבֶען זִיךְ צוּ זַאמֶען עֶרְצֵייגֶען גְלַייךְ וִויא בְּרוּדֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶער , עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג הָאט וִויקְטָאר עֶרְפַארִין אַז עֶר אִיז אַפְרֶעמְדֶער , אָבֶער קְלִימֶענְצֶע הָאט נָאךְ דֶער פוּן נִיט גֶעוּויסְט , זִיא הָאט אִים גֶערֶעכִינְט פַאר אַ לַייבְּלִיכִין בְּרוּדֶער , אוּנ הָאט אִים גֶעלִיבְּט וִויא אַ בְּרוּדֶער , אוּנ בֶּאֱמֶת אִיז עֶר וֶוערְט גֶעוֶוען מֶען זָאל אִים לִיבֶּען : עֶר אִיז גִיוֶוען שֶׁעהְן , גוּט אוּנ פְּרוּם אוּנ אוֹיךְ זֶעהר גֶערָאטֶען • זִינְט וִויקְטָאר אִיז גֶעוָוואר גֶעוָוארֶען אַז קְלִימֶענְצֶע , וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועזִין פְּרִיעֶר צוּ אִיר צוּ גִיבּוּנְדֶען וִויא אַ בְּרוּדֶער , אִיז אִים נִיט קֵיין שְׁוֶועסְטֶער , הָאט זִיךְ זַיין לִיבְּשַׁאפְט צוּ אִיר פַאר בִּיטִין אוֹיף אֵיין אַנְדֶער לִיבְּשַׁאפְט • • • אוּנ דִיא דָאזִיגֶע נַאייֶע לִיבְּשַׁאפְט הָאט אָן גֶעצוּנְדֶען אַשְׁטַארְק פַייעֶר אִין זַיין הַארְץ , עֶר הָאט אָבֶער גֶעוּויסְט , אַז צוּ דֶער לִיבְּשַׁאפְט וָואס עֶר הָאט גֶעווּינְטְשֶׁען , הַאן עֶר נִישְׁט גְרֵייכֶען , עֶר הָאט גַאנְץ גוּט בֶּערֶעכִינְט , אַז אַזַא גֶעפוּנִין קִינְד וִויא עֶר , וָואס מֶען וֵוייסְט נִיט פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין קֶען נִיט וָוערִין דֶעם גְרוּיסֶען אוּנ רֵייכֶען בַּארָאן פְּרִיצֶערִינְס אֵיידִים , גֶעמִין זַיין אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער , דִיא גֶערִימְטֶע קְלִימֶענְצִייֶע פַאר אַ וַוייבּ ,

עֶר

עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער גֶעפָּארְכְט אִין אֵייגֶעם מִיט אִיהר לֵייגְגִיר צוּ זַיין, עֶר זָאל נִיט פַארְפִּירְט וֶוערִין פוּנִים יֵצֶר הָרָע, אוּנ זָאל נִיט קוּמֶען צוּ זִינְדִיגֶען קֶענֶען גָאט אוּנ קֶעגֶען זַיין עֶרְצִיהֶער, אוּנ-אוֹיךְ חָלִילָה אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכִין קְרִימֶענְצִיֶען, וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִילִיבְּט מֶער וִויא זִיךְ אַלֵיין. עֶר הָאט זִיא גֶעלִיבְּט אַ וַואהרֶע לִיבְּשַאפְט, עֶר וָואלְט אַוֶועק גֶעגֶעבִּין זַיין גְלִיק מִיט זַיין לֶעבֶּען, וָואר קְלִימֶענְצִיֶען גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶען, אָבֶּער נִיט זִיא צוּא פַאר פִיהרֶען אוּנ מַאכֶען זִיא דוּרְכְדֶעם אוּמְגְלִיקְלִיךְ... נֵיין, עֶר הָאט דָא אִין שְׁלָאס נִיט גִיקָאנְט וַוייטֶער בְּרַייבֶּען, אוֹיבּ וואל עֶר אִיז גִיוֶוען זֵייעֶר פְרוּם אִין עֶהרְלִיךְ. דָאךְ הָאט עֶר נִיט גִיטָארְט גְלוֹבִּין אוֹיף זִיךְ אַלֵיין, אוּנ דֶער צוּ וָואלְט עֶר נִיט גִיקָאנְט צוּ זֶעהֶן וִויא קְלִימֶענְצִיֶע קוּמְט אָן צוּ אַיין אַנְדֶערִין, צוּ זֶעהִין זַיין גֶעלִיבְּטֶע, אִין דֶעם שׁוּיס פוּן אַפְרֶעמְדֶען, עֶר וֶועט דָאס נִיט קֶענִין אַרִיבֶּער טְרָאגֶען... צוּא רִיק אָבֶּער אִיז אִים אוֹיךְ זֶעהר שְׁלֶעכְט גִיוֶוען: עֶר הָאט גִיוִויסְט אַז פְרִיצֶערִין וֶועט נָאךְ אִים זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִין, עֶר הָאט דָאךְ אִים עֶרְצוֹיגִין וִויא אַיין אֵייגֶען קִינְד, אוּנ זִיךְ אִין אִים אַרְע מָאל נִיט גִיקָאנְט זַאט אָן קוּקִין, וִויקְטָאר הָאט זִיךְ וִויפִיל מָאל גִיפְּרוּבְט בֶּעטִין בַּייא פְּרִיצֶערִין, עֶר זָאל אִים עֶרְלוֹיבֶּען רַייזִין אוֹיף דֶער וֶועלְט (באמת האט ער גימיינט אוועק גיין אוף אייביג) דֶער בַּארָאן הָאט אִים אָבֶּער אַלֶע מָאל מִיט פַארְדְרָאס אוֹיס גִירֶעט אוּנ מִיט טְרֶערִין אִין דִיא אוֹיגֶען גִישְׁטְרָאפְט פַאר וָואס עֶר וִויל אִים אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אַוֶועק וַוארְפִין, פַאר דֶעם גוּטְס וָואס עֶר הָאט אִים גִיטָאן.

אָט אִין אַזֶעלְכֶע גִידַאנְקֶען אִיז וִויקְטָאר טָאג אוּנ נַאכְט גִיוֶוען פַארְטְרַאכְט, עֶר הָאט נִיט גִיוִויסְט אוֹיף וָואס זִיךְ צוּ עֶנְטְשְׁלִיסִין אַנְטְלוֹיפֶען אִיז שְׁלֶעכְט, אִיבֶּער בְּלַייבִּין אִיז נָאךְ עֶרְגִיר...

אַמָאל אִיז וִויקְטָאר אַרוּם הַאלְבֶּע נַאכְט גִיזֶעסִין אֵיינֶער אַלֵיין אִין

זיין

זַיין צִימֶער פַאר טִיפְט אִין זַיינֶע גְדַאנְקֶען, עֶר אִיז גְיָעסִין אָן גִישְׁפַּארְט אוֹיף דִיא עֶרִינְבּוּגִינְס אָן פֶענְצְטֶער אוּנ אוּנְטֶר גִיהַאלְטֶען מִיט דִיא הֶענְט דֶעם קָאפּ, דִיא לְבָנָה הָאט בֶּעלוֹיכְטִין דִיא פֶעלְד אוּנ דָאס וַואסֶער וָואס הָאט אַרוּם גִירִינְגִילְט דֶעם שְׁלָאס, ווִיקְטָאר הָאט גִיקוּקְט פוּנִים אָפֶּענִים פֶענְצְטֶער עֶר הָאט אֶבֶּער גָאר נִישְׁט פַאר זִיךְ גִיזֶעהֶן, זַיינֶע אוֹיגִין זַאנֶען אִים גִיוֶוען פַאר לָאפֶען מִיט טְרֶערִין זַייא זַאנִין אִים גִישְׁטַאנִין ווִיא צוּא גִיזָארֶעני זַייא הָאבִּין זִיךְ פוּן אָרְט נִישְׁט גִירִירְט, עֶר הָאט דֶעם קָאפּ אָן גִישְׁלָאגֶען פִיל מִיט גִידַאנְקֶען, זַייעֶר אוּמֶעטִיקֶע, זַייעֶר בִּיטֶערֶע גִידַאנְקֶען, עֶס אִיז בַּייא אִים גִיבְּלֶעבִּין *וָואס צוּם גֶעכְּסְטִין אוֹיסְצוּפִיהְרֶען זַיין פְּלַאן, עֶר הָאט גִיזֶעהֶען אַז עֶר מוּז אַנְטְלוֹיפִין, עֶר מוּז זִיךְ שֵׁיידִין מִיט זַיין עֶרְצִיהֶער, וָואס הָאט אִים גִיטָאן גוּטְס מֶעהר ווִיא אַפָּאטֶער זַיין קִינְד, עֶר מוּז זִיךְ שֵׁיידִין פוּן קְלִימֶענְצִיָען... פוּן דֶער לִיבְּלִיכֶער קְלִימֶענְצִיָען... אָ! דֶער דָאזִיגֶער גִידַאיינְק הָאט אִים גָאר זַיינֶע קְרֶעפְּטִין פַאר שְׁלַאפְּט, אוּנ הָאט אִים אַ טַייךְ מִיט טְרֶערִין פוּן דִיא אוֹיגִין אוֹיס גִיפְּלָאסִין! עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער דְרוּף גִימוּזְט שְׁלִיסִין, עֶר הָאט קַיין אַנְדֶר בְּרֵירָה נִיט גִיהַאט׳ עֶר מַאכְט צוּא דֶעם פֶענְצְטֶער אוּנ ווִיל פוּן אִים אַוֶועק גֵיין, לֵייגִין זִיךְ אַבִּיסִיל רוּהֶען, פְּלוּצְלִינְג דֶער הֶערְט עֶר אַגֶעשְׁרֵייא אוֹיפִין פֶעלְד מֶען שְׁרַייט מִיט אַבִּינוּמֶענֶעם קוֹל, עֶר לוֹיפְט אַרוּים אוֹפִין בַּאלְקָאן וָואס אַקֶעגִין פֶעלְד, עֶר הֶערְט זִיךְ צוּא צוּא דֶער שְׁטִימֶע וָואס שְׁרַייט, עֶר דֶער הֶערְט דִיא ווֶערְטֶער! אָךְ, טוֹיט בֶּעסֶער מִיךְ אוּנ לָאזְט לֶעבִּין דָאס קִינְד, דֶעם אוּמְגְלִיקְלֶעכִין יָתוֹם, דָאס אִיז מַיין זוּן... אִיךְ הָאבּ מִיר אִים צוּא גִינוּמֶען פַאר אַ זוּן. ווִיקְטָארֶען הָאט אָן גִינוּמֶען אַשְׁרֶעק, דָאס גֶעשְׁרֵייא מִיט דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער, עֶר קוּקְט זִיךְ צוּא צוּא זָעהֶן ווֶער זָאלִין גֶעבֶּעךְ זַיין דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, ווֶעלְכֶע הָאבִּין נִיט קַיין רֶעטְטוּנְג פוּן דִיא מֶערְדֶער וָואס ווִילִין זַייא דֶעם לֶעבֶּען אַוֶועק גֶעמֶען

עֶר

ער זעהט נאר אשווערר וואס פאכט זיך אין לופטין אונ שיינט אף אהעגין דער ליכט פון דער לבנה, וויקטאר וועקט אויף גישווינד זיין בארינטען זייא נעמען ביידע פיסטאלעטין אין דיא הענט אונ דעם שליסיל פו דעם קליינעם טויער פון שלאס. וועלכער גייט ארויס גלייך צום פעלד, (ביא דעם טויער איז קיין גראבען ניט גיוועזן, מען קען פון אים גלייך ארויס צום פעלד) זייא עפענען דעם טויער אונ לויפין גלייך צום ארט פון וואגען וויקטאר האט גיהערט דיא בינומענע, אונ וויינענדיקע קולות מיט דיא שרעקליכע ווערטער. אונ פון וואגען עס האט זיך גיזעהן דאס בליסצען פון שווערד, וויקטארין האט אנגעחאפט זייער שטארק ביא דעם הארצען ער האט זיך גיפארכט זייא זאלין ניט פאר שפעטיקין, עס זאל דער ווילע ניט פאר גאסין ווערין קיין בלוט. זייא לייפען גישווינד אונ דירען קאם אן מיט דיא פיס אן דער ערד, דיא מערדער זאלען ניט דער הערען זייערע טרעט, וויא זייא זענין אף גילאפין אח וויא צוויא הונדרט טריט אונ האבן זיך פאר שטעלט אונטער אקוסט, האבען זייא דער זעהן גאר נאהענט לעבען זיך אבטאגטע פרויענצימער שטייט אוף דיא קניא אונ האלט צוא גיקוועצט צום הארצין אקינד פון איאר פינף, דרייא מענטשען מיט א שרעקלעכען גישטאלט שטייהען ליעבן איר אונ האלטען זייער גיוועער אן גישטעלט צוא איר הארצען אונ זאגין צוא איר: וואס האסטו גיהערט? וואס האסטו גיזעהן? ענטפער גיך, ווען ניט ווערסטו באלד געטייט,

אי וויא, איך האב גאר נישט גיזעהן אונ גאר נישט גיהערט. וואס זשע האסטו גזאגט לאמער אנטלויפען מיין קינד?

איך האב דאס גירעט פאר שרעק אין דער פינצטערנעס פון דער נאכט אין אזא פירכטער. יכען ארט...

דיא

דוא הָאסְט אָבֶּער אויךְ דִיזֶע וָוערְטֶער גִיזָאגְט: אויב חָלִילָה רָאזְשֶׁער אַלֵיין אִיז מִיט זֵייא ... אָי לָאמֶער אַנְטְלוּיפֶען!

אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן רָאזְשֶׁערִין, אַז עֶר אִיז אַ פִּיהְרֶער ... אַז עֶר אִיז אַנֶעלְצְטֶער ... אַשְׁרֶעקְלִיכֶער מֶענְטְשׁ ...

דוא קָאנְסְט אִיהם?

אִיךְ ... אִיךְ ...

בְּרוּדֶער לָאמִיר זִיא טוּיט שְׁלָאגֶען. זִיא זָאגְט נִיט דִיא וָוארְהַייט, זִיא פַּאר מִישְׁט זִיךְ אִין דִיא רֵייד, אָדֶער גְלַייכֶער לָאמִיר טֵייטִין דָאס קִינְד אוּן זִיא לָאמִיר אַוֶועק פִירִין צוּא אוּנְזֶער עֶרְצְטִין, דִיא פְרוֹי אִיז אִים בֶּעקַאנְט, זִיא מוּז אִים גִיוִויס זַיין בַּקָאנְט עֶס אִיז זִיכֶער אַזוֹי ... דִיא דְרַייא מֶערְדֶער הָאבִּין שׁוֹין גִיוָואלְט עֶנְדִיקִין זֵייעֶר מֶערְדֶערַאיי זַייא הָאבִּין שׁוֹין אוֹיס גִירִיסִין דָאס קִינְד פוּן אִירֶע אָרֶעמְס עֶס הָאט זַייא נִיט גִירִירְט דָאס גִיוֵויין אוּנ דִיא גִיבֶּעט פוּן דֶער פְרוֹי, אוּנ דִיא יָאמֶערְלִיכֶע גִישְׁרֵייא פוּן דֶעם קִינְד, זַייא הָאבִּין שִׁיעוּר אִין אֵיין אוֹיגִין בְּלִיק זַיין בְּלוּט נִיט פַאר גָאסִין אָבֶער אִין דֶער וַוייל הָאט וִויקְטָאר אוֹיס גִישָׁאסִין, אוּנ הָאט גְלַייךְ אֵיינֶעם דֶער שָׁאסִין, דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גִיוָואלְט אַנְטְלוֹיפִין וָואלֶיענְטִין, וִויקְטָארְס דִינֶער, הָאט אִים אָבֶּער דֶער יָאגְט אוּנ הָאט אִים גִיטֵייט. דֶער דְרִיטֶער אָבֶער אִיז אַנְטְלָאפִין, דִיא פְרוֹי אִיז גִיפַאלִין אִין אוּמְאַכְט, וָואלֶיענְטִין, הָאט זִיא גִינוּמֶען אוֹיף דִיא הֶענְט, אוּנ וִויקְטָאר הָאט צוּא גֶעקְוֶועטְשְׁט דָאס קִינְד אִין זַיינֶע אָרֶעמְס אוּנ זֶענִין גִישְׁווִינְד גִילָאפִין צוּם טוּיעֶר אוּנ זַאגֶען אַרַיין אִין שְׁלָאס, דֶעם טוּיעֶר הָאבִּין זַייא פֶעסְט צוּא גִישְׁלָאסִין, אוּנ הָאבִּין גִיבְּרַאכְט צוּא טְרָאגִין זֵייעֶרֶע טְהַייֶערֶע לָאסְטִין אִין הוֹיז מִיט גְרוֹיס פְרֵייד

אוּנ

און זִיסֶע לוּסְטִיגְקַייט וָואס גָאט הָאט זֵייא בַּאגְלִיקְט צוּא רַאטְיוֶוען צְוֵוייא מֶענְטְשִׁין פוּן אַ אוּמְשׁוּלְדִיגְּין טוּיט ׃

דֶער וַוייְלֶע אִיז דִיא פְרוֹיא גִיקוּמֶען אַבִּיסִיל צוּא זִיךְ , זִיא קוּקְט זִיךְ אַרוּם וְוִיא פַאר דוּלְט , וִויקְטָאר פְרֶעגְט זִיא וֶוער זִיא אִיז אוּנ וִויא קוּמְט זִיא אִין מִיטִין דֶער נַאכְט אִין אַזַא וִויסְט אָרְט ?

גוּטֶער מֶענְטְשׁ ! פְרֶעגְט מִיךְ נִיט וֶוער אִיךְ בִּין פֶערְלַאנְגְט נִיט אִיךְ זָאל אַייךְ דֶער צֵיילִין מַיינֶע אוּמְגְלִיקִין , וָואס אִיךְ בִּין אוּיס גִישְׁטַאנֶען אִין מַיין לֶעבִּין , אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט דֶער צֵיילִין דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּמֶעטִיגְקֶע גִישִׁיכְטֶע , אִיךְ הָאבּ אוּיף זִיךְ גִינוּמֶען אַז אִיךְ זָאל פַאר שְׁלִיסִין מַיין גִישִׁיכְטֶע אִין מַיין הַארְצִין , אִיךְ זָאל פַאר דֶעקִין מַיינֶע אוּמְגְלִיקֶען פוּן אַלֶע מֶענְטְשִׁין , נָאר דֶער טוּיט אַלֵיין וֶועט הֵיילִין מַיינֶע וְוינְדֶען פוּנִים הַארְצִין , אָבֶּער קֵיינֶער וֶועט גִישְׁט וִויסִין . . . אִיר קֶענְט נָאר וִויסִין אַז אִיךְ בִּין אַיין אָרֶעמֶע פְרוֹי אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין הֵיים ׃ נִיט קֵיין קְרוֹבִים , נִיט קֵיין פְרַיינְד וֶועלְכֶע . . .

נִיט קֵיין קְרוֹבִים נִיט קֵיין פְרַיינְט , אָ ! דֶער צֵיילְט , דֶער צֵיילְט , אָךְ ! עֶס פַאר נֶעמְט מִיךְ בַּאם הַארְצִין ׃

דִיא פְרוֹי וִוישְׁט דִיא אוֹיגִין אָפּ אוּנ דֶער צֵיילְט וַוייטֶער ׃ אִיךְ בִּין גִיזֶעסִין אִין אַדָארְף נִיט וַוייט פוּן פְּרָאג , אִין אֵיינֶעם מִיט אַיין אָרֶעמִין בּוּיעֶר וָואס אִיז גִישְׁטָארְבִּין , זַיין וַוייבּ אִיז נָאךְ אִים אוּיךְ אִין גֶעכִין פַאר צַעַר גִישְׁטָארְבִּין אוּנ אִיבֶּער גִילָאזְט אוּיף מַיינֶע הֶענְט אָט אַ דָאס קִינְד , אִיךְ הָאבּ גִינוּמֶען דֶעם בִּיטֶערִין יָתוֹם צוּא זִיךְ אִיךְ זָאל אִים עֶרְצִיהֶען , טָאמֶער וֶועלֶן מִיךְ פַאר דֶער מִצְוָה מַיינֶע אוּמְגְלִיקִין אוּיף הֶערֶען נָאךְ יָאגִין , אָךְ ! אָבֶּער נֵיין , מַיינֶע אוּם גְלִיקִין שֵׁיידִין זִיךְ מִיט

מיר

מִיר נִיט , זַייא פַאר לָאזִין מִיךְ נִיט , זַייא וֶועדִין גָאר נִיט מִיר מִיךְ
נָאךְ צוּא לוֹיפֶען , עֶס הָאט זִיךְ אִין דָארְף פְּלוּצְלִינְג אָן גִיצוּנְדִין אַ פַייֶער
אוּנ הָאט פַאר בְּרֶענְט כִּמְעַט דָאס גַאנְצֶע דָארְף · הָ׳זִבִּין שְׁרֶעקְלִיכֶע
מֶענְטְשֶׁן שוּלְדִיג גִימַאכְט מִיךְ אִין דֶער שְׂרֵפָה , אִיךְ הָאבּ גִימוּזְט
אַנְטְלוֹיפִין , אִיךְ הָאבּ גִינוּמֶן אוֹיף מַיין אָרֶעם דֶעם בִּיטֶעדִין אוּנ פִינְצְטֶרִין
יָתוֹם · אוּנ בִּין אַוֶועק גִיגַאנְגֶען וִויהִין דִיא אוֹיגִין וֶועלִין מִיךְ טְרָאגִין ,
אַנְטְלוֹיפִין וַוייטֶער פוּן מַיין אוּמְגְלִיק , טָאמֶער וֶועט זִיךְ גִיפִינֶען אַמֶענְטְשׁ
וָואס וֶועט זִיךְ אוֹיף אוּנְז רֶערְבַּארִימֶען. הַיינְט אַקֶעגִין נַאכְט הָאבּ אִיךְ פַאר
בְּלָאנְזֶעט אִין דִיא רָאזִינֶע וֶועלְדֶער צוּא וִוישִׁין דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע בֶּערְג אוּנ
טָאלִין , דָאס קִינְד אִיז אַנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין אוֹיף מַיינֶע הֶענְט אִיךְ הָאבּ
אִים אָבֶּער נִיט מֶער כֹּחַ גִיהַאט אוֹיף מַיינֶע הֶענְט צוּא טְרָאגִין אִיךְ
הָאבּ זִיךְ אַנִידֶער גִיזֶעצְט אוּנ הָאבּ אִים גִילֵייגְט לֶעבִּין זִיךְ , אַלֵיין הָאבּ
אִיךְ גִיטְרַאכְט , דִיא גַאנְצֶע נַאכְט נִיט שְׁלָאפִין . צְוֵויא שְׁטוּנְדִין בִּין אִיךְ
מִיר רוּהִיג גִיזֶעסִין , אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אַז אִין דֶעם עֶלִיגְטֶען אָרְט גֶעפִין
אִיךְ זִיךְ נָאר אַלֵיין · מִיט אַמָאל הֶער אִיךְ גָאר נִיט וַוייט פוּן מִיר אָט
דִיא רָאזִינֶע וֶוערְטֶער : גֶענוּג צוּא שְׁלָאפִין מָארְגָאן ! שְׁטֶעה אוֹיף , שׁוֹין
צַייט גֶעהֶן זוּכִין רוֹיבּ , רָאזְשֶׁער שְׁטֵייט אַצוּנְד בַּאם וֶועג צוּא וִוישִׁין
קֶענִיגְרַאץ אִין צוּא וִוישִׁין סַארְוִוים , אוֹיף דֶעם וֶועג פָארִין דוּרְךְ פִיל
רַייזִינְדֶע , דָא וֶועלִין זַייא נִיט פֶעדִין אוּנזֶערִי הֶענְט ∴ פַאר דִיא רֵייד
אוּנ פַאר רָאזְשֶׁערְס נָאמֶען וֶועלְכֶער דֶער מַאנְט מִיךְ אַלֶע מַיינִי אוּמְגְלִיקֶן
אוּנ צָרוֹת , בִּין אִיךְ גִיוָוארִין אִין אֵיינֶע צִיטֶערְנֶעשׁ , אִין אֵיינֶע
פְלַאטֶערְנֶעשׁ , אִיךְ חַאפּ דָאס קִינְד אוּנ לוֹיף גִישְׁווִינְד אַוֶועק , דָאס
קִינְד אָבֶּער צוּ שְׁרַייט זִיךְ , אִיךְ קָאן אִים נִיט אַיין נֶעמֶן , דִיא רוֹצְחִים
לוֹיפֶען אוּנְז נָאךְ אוּנ הָאבִּין אוּנְז גִיחַאפְּט , דָאס אִיבֶּערִיגֶע וֵוייסְט אִיר
שׁוֹין אַלֵיין , אִיר גוּטֶע מֶענְטְשִׁין , מַיינִי רֶעטְטֶער אוּנ בֶּעשִׁירְמֶער ! אִיר
הָאט

הָאט מִיךְ גִירֶעטֶעט פוּן טוֹיט , אִיר הָאט גִילָאזְט לֶעבִּין דָאס קִינְד וָואס אִיז בַּייא מִיר טַייעֶרֶער פוּן מַיין לֶעבִּין , אָ! מִיט וָואס קֶען אִיךְ אַייךְ דַאנְקֶען פַאר אַזַא גְרָאד פַאר אַזַא וָואלְטֶעטֶעקַייט ?

אָ! גֶענִיג בִּין אִיךְ שׁוֹין בֶּעלוֹינְט , גֶענוּג פַאר מִיר דָאס אַלֵיין וָואס אִיךְ הָאבּ גִיהַאט דָאס גְלִיק צוּ רֶעטֶען אַייךְ פוּן טוֹיט , אַרוֹיס צוּ נֶעמֶען אַייךְ פוּן דִיא הֶענְט פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשֶׁען . דִיא מֶערְדֶער , דִיא רוֹיבֶּער .

וִויקְטָאר הָאט זִיךְ גִירֶעכֶנְט גְלִיקְלִיךְ , עֶר הָאט זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרֵייט וָואס דִיא מֶענְטְשִׁין וָועלְכֶע גָאט הָאט אִים בֶּאשֶׁערְט זֵייא צוּא הֶעלְפִין , זֶענִין וָוערְט זַיין הִילְף , עֶר הָאט אָן גִיקוּקְט דִיא פְרוֹיא מִיט גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט ; עֶס אִיז אִים נִיט אַרוֹיס פוּן זִינֶען אַז דִיא דָאזִיגֶע גוּטֶע פְרוֹיא טוּט מִיט אִיר יָתוֹם. גְלַייךְ וִויא הֶער בַּארָאן הָאט גִיטָאן מִיט אִים , עֶר הָאט נִיט אָרָאפּ גִינוּמֶען קַיין אוֹיג פוּנִים קִינְד , וָועלְכֶען עֶר הָאט גְפוּנֶען אַגְלַייכִין צוּ זִיךְ , וִויקְטָאר אִיז גִיוֶועזְן אִין דֶער צַייט גְלִיקְלִיךְ יֶער הָאט אִין דֶער מִינוּט פַאר גֶעסִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע אוּמְגְלִיקִין אוּנ זַיין שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַרַיין גִיפוּנֶען , דִיא וָואהלְטֶעטִיקַייט וָואס אִיז אִים גִידָאטִין צוּ טָאן הָאט אִים גִימַאכְט אוֹיף אַ וַוייְלֶע פַאר גֶעסִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט צוּא קְלִימֶענְצֶען וָועלְכֶע עֶס הָאט בַּייא אִים דָאס חַיוּת אַרוֹיס גִיצוֹגִין ,

2

וִויקְטָאר הָאט גְהֵייסֶען זַיין דִינֶער וָואלִיֶענְטֶען בְּרֵיינְגֶען פַאר דִיא גֶעסְט עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען , דֶער נֶערִין אוּנ דֶער קְווִיקִין זֵייא אַבִּיסִיל ,

דיא

דְיא פְרוי וָואלְפֶע (אַזוי הָאט זִיא גִיהַייסֶען) , הָאט זִיךְ אַבִּיסִיל צוּ רִיק גִיקֶערְט צוּ אִירֶע קְרֶעפְּטִין , וִויקְטָאר הָאט אִיר אָפּ גִימְרֶעטִין זַיין אֵייגִין בֶּעט עֶר הָאט זִיא קָאם אַיין גִירֶעט זִיא זָאל זִיךְ צוּ לֵייגֶען אָפּ רוּהֶען • דָאס קִינְד הָאט מֶען גִילֵייגְט לֶעבֶּען אִיר , אוּנ וִויקְטָאר הָאט זִיךְ גֶזֶעצְט לֶעבֶּען זַיינֶע שְׁלָאפֶּעדִיקֶע גֶעסְט , עֶר הָאט אַזוי פַּאר בְּרַאכְט דִיא אִיבֶּרִיגֶע שְׁטִיקֶעל נַאכְט • עֶר אִיז גִיוֶועזֶען זֶעהֶר גִירִירְט פוּן דֶער אֵיידְלֶער אוּנ עֶרְלִיכֶער נָאר אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פְרוי , אִים זֶענִין אַרוּיף גֶעקוּמֶען אוּפִין זִינֶען נַייֶע גֶעדַאנְקֶען , עֶר הָאט אִין דֶער צַייט גֶעהַאט גֶענוּג וָואס צוּ מְרַאכְטֶען ; דֶער בַּארָאן , אַזוּ הָאט עֶר גְטְרַאכְט — הָאט זֶעהֶר אַגוּט הַארְץ עֶר וֶועט זֶעהֶר צוּ פְרִידִין זַיין פוּן דִיא אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע גֶעסְט , וָואס זַיין זָאהְן הָאט זֵייא גְרֶעטֶעט , עֶר וֶועט גֶעווִיס וֶועלֶען טָאן דֶעם קְלֵיינֶעם גֶ ע אַ צִ י נְ טֶ ע ן (עֶר הָאט אַזוי גֶעהֵייסֶען) , דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן מִיט אִים אַלֵיין , אוּיךְ דִיא פְרוי וָואלְפֶע • אִיז זֵייעֶר אַקְלוּגֶע אַפְרוּמֶע אוּנ אַגִילֶערֶענְטֶע , דֶער בַּארָאן פְרִיצֶערִין וֶועט זִיא צוּ נֶעמִין פַאר אַגִיזֶעלֶען צוּ זַיין טָאכְטֶער קְלִימֶענְצִיעֶ • קְלִימֶענְצִיעֶ , אָן שְׁטָאט וָואס זִיא פְלֶעגְט פַאר בְּרֵיינְגֶען גַאנְצֶע טֶעג אוּנ נֶעכְט מִיט אִיר בְּרוּדֶער מִיט וִויקְטָארֶען וֶועט הַיינְט פַאר בְּרֵיינְגֶען דִיא צַייט מִיט וָואלְפֶען , עֶר אַלֵיין וֶועט זִיךְ פַאר נֶעמֶען צוּ לֶערְנֶען מִיט גִיאַצִינְטֶען , עֶר זָאל אִים מַאכִין פַאר אַיין עֶרְלֶעכֶען אַגוּטֶען אוּנ אַפְרוּמִין אַזוי ווִיא עֶר אַלֵיין אִיז , מִיט דִיא גִילֶעגֶענְהֵייטֶען וֶועט עֶר שׁוין נִיט זַיין צוּ זַאמֶען מִיט קְלִימֶענְצִיעֶן אַזוי ווִיא פְרִיעֶר , עֶר וֶועט אָן אִיר קֶיינֶען פַאר גֶעסִין ..: וִויקְטָאר אִיז גִוֶועזֶען פוּן דֶעם גִידַאנְק שְׁטַארְק עֶנְטְצִיקְט , עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז שׁוין גְלִיקְלֶעךְ , עֶר וֶועט שׁוין וַוייטֶער בְּלַייבֶּען בַּייא זַיין גֶעלִיבְּטֶען פָאטֶער . . . , עֶר וֶועט שׁוין נִיט דַארְפִין גָע וָנָד זַיין , עֶר הָאט זִיךְ שׁוין

נִיט

ט וואָס צו פֿאַרכְטֶען זִיטְצֶען אִין אֵיינֶעם מִיט קְלִימֶענְצִיֶען ,.. עֶר וֶועט
ענֶען וואָהנֶען מִיט אִיר אִין אֵיין הויז אוּנ פְֿאַרְט זַיין פוּן אִיר פוּן
ייטִין .. לֶעבִּין אָפּ גֶעשֵׁיידְט פוּן אִיר ... אָבֶּער נֵיין , נֵיין ! דָאס
יז נָאר אַפַּאלְשֶׁע מֵיינוּנְג , פַאלְשֶׁע גִידַאנְקֶען : עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער צוּ
יק גוּט אָן גֶעהֵייבֶּען בַּארֶעכֶענֶען , אַז זַייעֶנְדִיג דָא קֶען עֶר
לִימֶענְצִיֶען נִיט פַאר גֶעסִין עֶס קֶען נִיט זַיין עֶר זָאל זִיךְ מִיט אִיר נִיט
עהֶען אַלֶע טָאג , אַלֶע וַוייל , אַז וֶוען עֶר זָאל שׁוין בַּאנִיצֶען פוּן זַיין
יט אַלֶע מִיגְלִיכְקֵייט עֶר זָאל זִיךְ מִיט אִיר נִיט זֶעהֶען , וֶועט דֶען
לִימֶענְצִיֶע נִיט קוּמֶען צוּ אִים ? זִיא וֶועט דֶען קֶענֶען אָן אִים אֵיין מִינוּט
ין ? זִיא וָועט דָאס גָאר נִיט רֶעכֶענִין פַאר נֵייטִיג . פַאר קֶערְט זִיא
עט רֶעכֶענִין פַאר דֶער גֶעסְטִיר עוֹלָה אַז זִיא זָאל נִיט קוּמֶען פַאר
רֵיינְגֶען דִיא צַייט מִיט וִויקְטָארִין ... זִיא וֶועט טַאקֶע קוּמֶען צוּ אִים
ין זַיין צִימֶער , זִיא וֶועט וֶועלִין אוֹיךְ צוּ גֶעבִּין מִיה אוּנ הֶעלְפִין
רְצִיהֶען דָאס קִינְד , דֶעם יָתוֹם , וָואס אִיר גִילִיבְטֶער בְּרוּדֶער , הָאט
וים גִירִיסֶען פוּן דִיא מֶערְדֶערְם הֶענְד . וִויקְטָאר אִיז עֶרְשְׁט אִיבֶּערְנַיים
יקוּמֶען צוּם וַואהֶרֶען גִידַאנְק , עֶר הָאט גוּט בֶּערֶעכִינְט אַז עֶס אִיז גָאר
אר קֶערְט , דֶער פְּלוּטְשַׁאי וָואס גָאט הָאט אִים דָא צוּ גִישִׁיקְט מִיט
ער אַלְמָנָה אוּנ מִיטִין קִינְד , בִּינְדְט אִים צוּ צוּ קְלִימֶענְצִיֶען נָאךְ מֶער
יא פְרִיעֶר , עֶר וֶועט מִיט אִיר מוּזִין זַיין נִיט צוּ שֵׁיידְט נָאךְ מֶער אַלְס
רִיעֶר . עֶר וֶועט דֶען זִיא קֶענִין אַוֶועק טְרַייבִּין פוּן זִיךְ ? אָדֶער פַאר
וערִין אִיר זִיא זָאל גֶעהֶן צוּ אִים ? עֶר וֶועט דֶען קֶענִין אִיר עֶנְדֶערְקִין
יא אוּרְזַאכֶע פַאר וָואס עֶר טָאר זִיךְ מִיט אִיר נִיט זֶעהֶן , מִיט אִיר
יט זַיין צוּ זַאמֶען ? אוּנ אוּיסֶער דֶעם , אִיז דֶען אַסְבָרָה אַז עֶר אָל
אר גֶעסִין קְלִימֶענְצִיֶען , וֶועלְכִי הָאט אַזוֹ שְׁטַארְק פַאר נוּמֶען אַלֶע זַיינֶע
ידַאנְקִין ? אִיז דֶען אַסְבָּרָה , עֶר זָאל זַיין נִיט וַוייט פוּן אִיר אוּנ אַרוּם

רייסין

רייסין דיא ליבשאפט , וואס איז אזוי שטארק איין גיוואָרצילט אין זיין
הארצין ? ניין . ניין ! האט ער גיזאגט עס איז גאר ניט קיין סברה אין
דער וועלט , איך זאל דא זיין ! איך מוז לויפין ווייט ,

איך מוז אנטלויפין פון דאנען וויא צום געבשטין , מיין
זיין דא קאן מיך גאט וויים צו וואס בריינגען , איך האב אזוי פיל
שטארקייט ניט צו גובר זיין דיא ליבשאפט , דיא שטארקי אונ רייני
ליבשאפט . . . דיא ליבשאפט זאל בלייבין ריין אונ הייליג אזוי וויא
פריער . . . מיין איינגסט אונ קומער . וואס צו רייסט מיין הארץ זאל
בלייבען ביי מיר אין געהיימעניס , ניין , עס קען ניט זיין , בלייב איך
דא אזוי ווער איך אפארברעכער אדער איך וועל שטארבען , מיינע כוחות
וועלין זיך מיר ענדיגין , מיין לעבין אדער מיין עהרע איז דא זיצינדיג
ביי מיר אין גיפאהר . . . אין דיא גידאנקין פאר טיפט איז וויקטאר
גיזעסען לעבין דיא שראפידיקע , זיין קלוגהייט אונ זיין פרומקייט האבען
אים געניים פיל צו טראכטען , ער האט נאר גיקלערט וויא אזוי צו
באווארנען זיך פון שלעכטע אונ פון אומעדליכע צופאלין . : . ער איז
גיוועזן אין דיא רעיונות אזוי פאר טיפט אז עס האט גיקענט אוועק גיין
אזוי אלאנגע צייט , מען וואלט גיקומען צו אים עטליכע שעה אופין
טאג וואלט מען אים נאך גטראפען אזוי זיצען . . . נאר פלוצלינג האט
איבער גריסען זייני גדאנקען אגרוים גישרייא וואס עס האט זיך ארוים
גריסען ביי דער שלאפידעקיר פרוי זיא האט גיציטערט מיט אלע
אברים , דאס פנים איז איר גיוועזן פאר פלאמט , עס האט איר ארוים
גיטראטין א שוויים אופין פנים , זיא שרייט מיט אביטער גישרייא ,
מיט גרוים אימפעט , זיא רעט דיא דאזיגע ווערטער , ראזשער! אום ער
בארמליכער ראזשער , וואס ווילסטו ? גוואלד וואס טוסט דו ? ניט קיין
אומעלדריקייט , ניט קיין שונהייט , מאכט דיך ניט אפ הענדיק . . .

שלאג

שלָאג ! שלָאג ! נעם אים דעם לעבּין . . . דוא מָאגסט מיך דָאס קינד ? יָא ! ניין , ניין ! דוא ווערסט אים שוין מער ניט זעהין , איך האָב אים אוים גריסען פון דיינע הענט , איך האָב אים גירעטעט פון טויט ! בּעוואָרינט פון שאנד . . . דיא אומגליקליכע מוטער בּלייבּט נאָר נעבּיך בּייא דיר . . . אָי גַזְלָן , אָי רוצח ! אָ הימל ! אָ ! גאָט מיין גאָט !

בּייא דעם שרעקליכען גישרייא האָט זיך דיא מאַדאם וואָלפּע אויף גיחאַפּט ניט טויט ניט לעבּעדיק , זיא קוקט אַרום זיך אַזוי וויא צוא טומעלט , זיא זעהט וויקטאָרין פאר זיך , זיא קוקט אים אָן מיט שרעק אין שרייט , אָט איז ער ! זיא פאר שטעלט זיך דעם פּנים , אונ שרייט נאָך אַמאָל : גוואַלד אָט איז ער ...

ווער איז דאָס , אָט איז ער ? פרעגט זיא וויקטאָר אומפּעט , פאר וואונדערטער הייט , ער פרעגט זיא וואָס בּעטייט איר גישרייא אונ אירע רייד , אונ וואָס איז זיא אַזוי צוא מישט ? דיא פרוי וואָלפּע רייבּט זיך דורך דיא אויגין אונ בּאטראכט וויקטאָרין אַליינגע צייט , זיא קומט אַבּיסעל צוא זיך אונ לאָזט אַרוים אַגרויסען זיפץ , אונ זאָגט צוא אים ; פאַר צייעט מיר מיין ליבּער הער , זייט מיר מוחל מיין גענדיגער אָי מיר האָט זיך גיחלומט אַ שרעקליכער חלום , מיר האָט זיך פאָר גישטעלט אַמענטש ... אַמענטש אין אייער אָן בּליק .... גאָר אייער אָן גיזיכט ... פונקט אייער פּנים ... אָך זייער שרעקליך .. פערצייהעט מיר מיין הערר וואָס איך האָב אייך אויף גיוועקט פון שלאָף — מיך אויף גוועקט פון שלאָף ! איך האָב גאָר ניט גישלאָפען . נאָר איך וועל מיך ניט לייקענען מאַדאם , איך בּין פאַר ציטערט גיוואָרען פאר דעם נאָמען ראָזשער , וואָס איר האָט דער מאָנט .

אָי הימעל ! איך האָב אָן גרופין דעם נאָמען ראָזשער ! ?

יָא יָא מַאדַאם , אִיר הָאט אִים אָן גִירוּפֶֿען , אִיר הָאט גִיזָאגְט , אַז אִיר הָאט בַּייא אִים שׁוֹין דָאס קִינְד אַוֶועק גִינוּמֶען נָאר דִיא מוּטֶער פַֿאר בְּלַייבְּט בַּייא אִים .

אָךְ ! אוּמְגְלִיקְלִיכֶע ! . . . אַךְ !—וָואס זָאג אִיךְ ! פַֿאר גִיבְּט מִיר מֵיין הֶערְר , מַיין לִיבֶּער אוּנ גוּטֶער הֶערְר ! דָאס אִיז אַ טְרוֹים , דֶער צוּפַֿאל פֿוּן הַיינְטִיגֶער נַאכְט הָאט זִיךְ מִיר פָֿאר גֶעשְׁטֶעלְט , דִיא מֶערְדֶער , דִיא רֵייבֶּער וָואס הָאבֶּען גִיוָואלְט טוֹיטֶען דֶעם קְלֵיינֶעם גִיאַצִינְטֶעו , זַיין מוּטֶער וֶועלְכֶע לֶעבְּט שׁוֹין מֶער נִיט ... זַיין מוּטֶער וֶועלְכֶע אִיז גִפַֿאלֶען אִינְטֶער דִיא הֶענְט פֿוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין ..

אִיךְ בֶּעט אַייךְ מַאדַאם , אִיךְ וִויל אַייךְ נָאר אֵיין זַאךְ פְֿרֶעגִין , אִיר הָאט פְֿרִיהֶער גִזָאגְט אַז דֶער רָאזְשֶׁער , פֿוּן וֶועלְכֶען דִיא רוֹיבֶּער הָאבִּין גֶרעט , דֶער מַאנְט אַייךְ אַלֶע אַייֶער , אוּמְגְלִיקֶען ; צוּ הָאט אִיר נִיט גִיקֶענְט אַזַא מֶענְטְשִׁין , וֶועלְכֶער הָאט גֶעהֵייסִין רָאזְשֶׁער אוּנ וֶועלְכֶער אִיז פִּילַייכְט שׁוּלְדִיג אִין אַייֶערֶע אוּמְגְלִיקֶען ?— אָי ; אִיךְ הָאבּ אִים זֵייעֶר גִיקֶענְט ,— נָאר דָאס אִיז גִיוֶועס נִיט דֶער רָאזְשֶׁער , דֶער אַטָאמַאן פֿוּן דִיא רַאזְבָּאנִיקֶעס , וֶועלְכֶע זֶענֶען פִֿיל אִין דִיא וֶועלְדֶער פֿוּן בֶּעהְמֶען ?

אוּמְגָאטֶעס ווִילֶען מַיין הֶערְר ! אוּמְגָאטֶעס וִוילֶען , פְֿרֶעגְט מִיךְ נִיט וֶועגֶען דֶעם , אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין גִזָאגְט , אַז קֵיינֶער טָאר נִיט וִויסֶען מַיין שְׁרֶעקְלִיכֶע גִישִׁיכְטֶע , קֵיינֶער אִין דֶער וֶועלְט וֶועט נִיט וִויסֶען , וֶוען אִיר וִוילְט נִיט אַנְדֶערְשׁ אַז אִיךְ זָאל אַייךְ זִיא דֶער צֶעהְלִין , בֶּעט אִיךְ אַייךְ , גִיבְּט מִיךְ בֶּעסֶר אִיבֶּער אִין דִיא הֶענְט פֿוּן דִיא רַאזְבָּאנִיקֶעס , אֵיידֶער אִיךְ זָאל אַייךְ עֶנְדֶעקֶען מַיינֶע גֶעהֵיימְנִיסֶע .

זייט רוהִיג מַאמַא , איך װעל אַייך שוין מֶער ניט פְרֶעגֶען , איך פֶערְשְׁפְּרֶעך מֶער ניט צו בֶּעגֶערֶען וִויסֶען אַייעֶרע פַאטֶער בֶּארְגֶענֶם , שְׁלָאפְט בֶּעסֶער , דוהְט אַייך אוים , עֶס אִיז נָאך פְרִיה עֶס אִיז עֶרְשְׁט ניט לַאְנג טָאג גְוָוארֶען .

דִיא מַאמַאם װָאלְפֶע הָאט אָבֶער שוין מֶער נִיט גִיקֶענְט שְׁלָאפֶען זִיא איז אוֹף גִשְׁטַאנֶען , זִיא הָאבֶען פַאר בְּרַאכְט בִּיז וִויקְטָאר הָאט דֶער זֶעהֶען אין פֶענְצְטֶער פְרִיצֶעדִין אַרום גֶעהֶן אִין גָארְטֶען . עֶר בֶּעט אִיבֶּער װָאלְפֶען , אונ לויפְט צום אַלְטֶען בַּארָאן . עֶר קִישְׁט אִים דִיא הֶענְט אִין זָאגְט : מַיין טַהייֶרער פָאטֶער , וִויא אַזוּ הָאט איר גְשְׁלָאפֶען דִיא נַאכְט ?

זֶעהר רוהִיג מַיין לִיבּ קִינְד . אִין דוּא ?

אִיך , אִיך הָאבּ פַאר בְּרַאכְט דִיא נַאכְט זֶעהר גְלִיקְלֶעך . נָאר וָואס אִיז דִיר עֶפֶּעס דִיא אוגֶן רויט ? עֶפֶּעס הָאסְטוּ גִימוּזְט זַיין אוּמְרוּהִיג . זָאג מִיר מַיין לִיבּ קִינְד , וָואס פֶעלְט דִיר ? פִילַייכְט הָאסְטוּ עֶפֶּעס אַזָארְג ? פִילַייכְט פַאר דְרִיסְט דִיך , וָואס דוּא הָאסְט בַּייא מִיר נִיט גִיפוּילְט דַיין בַּקָשָׁה צוּא לָאזֶען דִיך רַייזֶען ? מַיין קִינְד ! גְלוֹיבְּסְטוּ דֶען אַז אִיך קֶען דִיך לָאזֶען פָארִין , גְלוֹיבְּסְטוּ דֶען , אַז אִיך בִּין אִין שְׁטַאנְד צוּא שֵׁיידִין זִיך מִיט דִיר ? זָאג אַלֵיין , אִיז דָאס בַּייא דִיר רֶעכְט , אַז דוּא זָאלְסְט מִיך אִיבֶּער לָאזֶען אונ אַװֶעק פָארִין ? אויבּ דוּא טוּסְט דֶער מִיט נִיט דִיא גְרֶעסְטֶע עַוְלָה , וָואס דִיא פָארֶערְשְׁט . פוּן מִיר אַזָא שְׁװֶערֶע זַאך ?

דִיא דָאזִיגֶע עֶטְלִיכֶע װֶערְטֶער הָאבֶּן וִויקְטָארִין נָאר דֶעם קָאפּ צוּא שְׁלָאגֶן עֶס הָאט אִים גָאר דִיא גִידַאנְקֶען צוּ רִידֶערְט , עֶר הָאט גִיפִיהלְט דִיא וָוארְהַייט פוּן דֶעם בַּארָאנְס רֵייד , עֶר הָאט גִיפִיהלְט וִויא וַוייט עֶר אִיז גִירֶעכְט . נָאר וִויקְטָאר אִיז אַצוּנְד גִיוֶועזֶן פַארְנוּמֶען גָאר מִיט עֶפֶּעס

אַנדֶערְשׁ. עֶר הָאט אִיצְט גִידַארְפְט רֵיידִין צוּם בַּארָאן וֶועגִין דֶער אַלְמָנָה מִיטִין יָתוֹם: עֶר הָאט אוֹיף דֶער צַייט פַאר גֶעסִין זַיין אֵייגֶענֶע לַאגֶע, עֶר רוּפְט זִיךְ אָפּ צוּם בַּארָאן אִין זָאגְט:

לִיבֶּער פָּאטֶר! אִיךְ בִּין נִיט גִיקוּמֶען צוּא אַייךְ נָאךְ אַמָאל דֶער מִיט, וָואס אִיךְ הָאבּ גִיהַאט דֶען אוּמְגְלִיק שׁוֹין אֵיין מָאל עֶרְצָארֶענֶען אַייךְ. אִיךְ וֶועל שׁוֹין אַייךְ מֶער וֶועגֶען דֶעם נִיט דֶער מָאנֶען. אִיךְ הָאבּ צוּא אַייךְ גֶענֶעדִיגֶער פָּאטֶר! אֵיין אַנְדֶער גֶעבֶּעט.

וָואס וִוילְסְטוּ בֶּעטִין מַיין קִינְד, זָאג מַיין לִיבּ קִינְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעווִיס נִיט אָפּ זָאגִין—אַטַייעֶרֶר פָּאטֶר! גֶעטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ נִיט פוּן מַיינְט וֶועגִין וִויל אִיךְ אַייךְ בֶּעטִין, נִיט פוּן מַיינֶט וֶועגִין· אִיךְ הָאבּ פוּן אַייךְ צוּא בֶּעטִין גִינָאר אִין גוּט הֶערְצִיגְקַייט פַאר אַיין אָרְמֶער אַלְמָנָה מִיט אַ יָתוֹם, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גִיהַאט דֶעם גְלִיק אִין דֶער נַאכְט צוּא רֶעטֶען פוּן דִיא הֶענְט פוּן רוֹצְחִים. וִויקְטָאר דֶער צֶעהלְט דֶעם הֶער פְרִיגֶערִין אַלְסְדִינְג וָואס עֶס הָאט זִיךְ פַּאסִירְט, עֶר שְׁטֶעלְט פַאר אִים פָאר דִיא פְרוֹי וָואלְפֶע פַאר זֵייעֶר אֵיידִיל אִין אָרִינְטְלֶעךְ. עֶר בֶּעט אִים עֶר זָאל אִיר עֶרְלוֹיבִּין פַאר בְּלַייבִּין בַּייא אִים אִין שְׁלָאס אוּנְטֶער זַיין שִׁיץ. דֶער בַּארָאן עֶנְטְפֶרְט אִים אִין זָאגְט:

וִויא אִיז דִיא אֵידֶעלֶע אִין עֶלִינְדֶע פְרוֹי? וָוא אִיז זִיא, מַיין קִינְד? אִיךְ וֶועל זִיא זֶעהֶען. אוֹיבּ זִיא אִיז וֶוערְקְלִיךְ אַזוֹ וִויא דִיא שְׁטֶעלְסְט זִיא פָאר זָאג אִיךְ זִיךְ נִיט אָפּ צוּ שִׁיצִין זִיא, זִיא וֶועט פַאר בְּלַייבִּין בַּייא מִיר, זִיא וֶועט זַיין אַנִיזֶעלִין צוּ מַיין טָאכְטֶער.

וִויקְטָאר לוֹיפְט אִין בְּרֵיינְגְט צוּ פִירִין דִיא פְרוֹיא מִיט אִיר קִינְד, זִיא פַאלְט דֶעם בַּארָאן צוּא דִיא פִים, עֶר הֵייבְּט זִיא אוֹיף אִין שְׁפְּרֶעכְט

מִיט

מִיט אִיר עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער אוּנ רוּפְט זַיין דִינֶער ; עֶר בַּאפוֹלְט אִים בַּאלְד צוּבְּרֵייטֶען אַשֵׁיינֶעם צִימֶער פוּן דֶער פְּרוֹיס וֶועגִין · דִיא פְּרוֹיא וָואלְטֶע גֶעגֶט אַפּ־דֶעם בַּארָאנְס הֶענְט מִיט טְרֶערִין . ווִיקְטָאר הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גִיקָאנְט אַיין הַאלְטֶען פוּן וַויינֶען , אַלֵיין פְּרִיצֶערֶען הָאט אוֹיךְ דִיא אוֹיגֶען גְווִישְׁט פוּן וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין טְרֶערֶין אַרוֹיס גִיטְרָעטֶען .

מַארַאם ! (זָאגְט דֶער בַּארָאן צוּא אִיר) — מַיין זָאהן הָאט מִיר גִיזָאגְט , אַז אַייעֶרִי טְרֶעפֶּענֶעשִׁין מוּזִין זַיין אַ סוֹר פַּאר אַלֶעמֶען , זַייט זִיכֶער , אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט מַאכֶען קַיין שׁוּם פְרַאגֶע וָואס עֶס קֶען אַייךְ שְׁטֶערֶען אַייעֶר רוּה , וָועלְכֶע אִיךְ ווִינְטְשׁ אַייךְ בַּייא מִיר צוּא גִינִיסֶען , זַייט אַמוּטֶער מַיין אֵיינְצִיגֶער טָאכְטֶער , לֶערִינְט זִיא צוּם גוּטֶען , זִיא וֶועט אַייךְ גִיהָארְכְזַאם זַיין , זִיא אִיז זֵייעֶר אַגוּט הֶערְצִיגֶע , אִיר וֶועט זִיא גֶעווִיס לִיבִּין , זִיא אִיז וֶוערְט מֶען זָאל זִיא לִיבֶּען , אוּנ עֶטְלִיכֶע יָאהר אַרוּם וֶוערֶען מִיר אִיבֶּער גֶעבֶּען אַייעֶר קִינְד אוֹיף ווִיקְטָארְס הֶענְט , ווִיקְטָאר וֶועט אִים זַיין זֵייעֶר אַגוּטֶער לֶערֶער , עֶר וֶועט אִים פִירֶען אִין אַ גוּטֶען וֶועג , אָ מַיין לִיבֶּער ווִיקְטָאר ! עֶר אִיז נָאךְ צְוַואר גָאר יוּנְג , עֶר אִיז אָבֶּער פְרוּם , אָרִינְטְלֶעךְ , אוּנ גוּט גִילֶערֶענְט עֶר אִיז מִיר שְׁטַארְק אַיינְגֶעבַּאקִין אִין מַיין הַארְצֶען , אִיךְ וָואלְט פוּן זַיינֶעט וֶועגֶען גֶעטָאן אַלְץ וואָס נָאר מִיגְלֶעךְ אִיז , אַלְצְדִינְג וָואס אִיךְ וָואלְט נָאר גִיקֶענְט טָאן , בִּכְדֵי צוּ מַאכֶען אִים גְלִיקְלֶעךְ . יָא ווִיקְטָאר ? זָאג דִיא וָוארְהַייט גְלֵייבְּסְטוּ אַז אִיךְ בִּין גְרֵייט פוּן דַיין גְלִיק וֶועגִין צוּא טָאן אַלְצְדִינְג ? יָא הֶער פָאטֶער ; אַלְץ וָואס גָאר מִיגְלִיךְ אִיז , וָואלְט אִיר פוּן מַיינֶעט וֶועגֶען גִיטָאן . ווִיקְטָארֶען הָאט בַּייא דִיא רֵייד אָן גִהֵייבֶּען צוּא קְלַאפֶּען דָאס הַארְץ , עֶס הָאבֶּען זִיךְ אִין אִים דִיא בְּלוּטֶען גְהָאבְּט , עֶר הָאט גוּט גְווִיסְט אַז פְּרִיצֶערֶען קָאן אִים גְלִיקְלֶעךְ נִיט מַאכֶען . . עֶר קֶען אִים נִיט פַאר אֵיינִיגִין מִיט קְלִימָענְצִיָען , דָאס אִיז גָאר נִיט מִיגְלִיךְ

מיגריך צו טאן , ווארום ווער ווייסט פון וואנען ער קומט ארום , פיליכט פון שלעכטע עלטרין , וועלכע קענען מאכן צו שאנד זיין גרויסע נאמען , אונ פון דעם העט זיין אומגליקליך קלימענציע . . . וויקטאר אליין האט דאס ניט געווינטשען ער האט דאס ניט געקאנט באגערין . אין דיא רייד זענן זיא אלע גיקומן אין דעם בארנס צימערין זיא האבין דארטין גיטראפין קלימענציע . קלימענציע איז געזעסין אין גוואורט אפין פאטער , זיא איז אויך גיזעסין זייער פארטראכט , זייער פאר טריבט , דיא אורזאכע פון איר זארג איז גיוועזן , וויקטאר , זיא האט גיזעהען שוין פון אצייט אז ער איז זייער פאר זארגט . אונ פאר בימערט , זיא האט ניט גיקענט פאר שטיין וואס דאס זאל באטייטען , וועלכע אומעטיקע גידאנקען זארען אים אזו שטארק פאר נעמען ? וואס ער איז אזו צו רודערט אין צוא טראגין , אונ זאגט פאר קיינעם ניט אוים זיין הארץ , אויך איז איר אווינדער אז שוין פון אצייט אז זיא האט ניט פון אים דיא פריערדיגע התקרבות , יעפעס דער ווייטערט ער זיך פון אצייט פון איר , דאס אלצדינג מוז גווים ניט אומזיסט זיין , עס איז ביא איר גיבליבן , דעם היינטיגין טאג צו זעצין זיך צו וויקטארין ער זאל איר ענדעקין זיינע גיהיימעניש . וויא זיא איז גיוועזן אזו שטארק פארטיפט אין אירע גידאנקען , האט זיא דער זעהען אן קומען דעם פאטער מיטען ברודער , אונ עפעס איין אומבעקאנטע פרויא פירט א קינד פארין האנט , פריצערין נעמט קרימענציען פארין האנט . ליבע טאכטער (זאגט ער צו איר) דוא האסט שוין לאנג קיין מוטער ניט , דוא האסט נעביך דיין מוטער גאר ניט גיקענט ! איך שטעל דיר פאר אט דיא גינומען צו זיך פאר אזון , דאס האבין מיר צוא פאר דאנקען דיין איידעלע פרויא . איך האף דוא וועסט זיא ליבען אזו וויא א מוטער זעהסטו דיא פרויא מיט איר קינד דאס איז אתום , זיא האט איהם ליבן ברודער וויקטארין , ער האט

זיא

זייא גיבראכט צו אונז, ער האט זייא היינטיגע נאכט ארום גינומען פון מערדערס הענט, דיא דאזיגע מאראם וואלפע האט ניט קיין היים ניט קיין קרובים ניט קיין פריינט, איך בעגער, אז זיא זאל דא גיפונען אטאבטער אונ אברידער אויך אגליקליכע אונ ארוהיגע ווייניג.

אך ליבער פאטער וויא צימרעך אונ זיס זענען דיינע רייד, איך בין ענטציקט פון דיין גוט הערציגקייט, דיא הערינטע וואלפע וואס איהר פנים צייגט איר ערליכקייט וועט אין מיר געווים געפונען אטאבטער, נאך מער צו ליב דעם, וואס מיין פאטער אונ ברודער האבין זיא צו זיך צו גינומען. וואלפע איז זייער גירורט גיווארן פון דיא אלע ליבע אין זיסע רייד זיא ווארפט זיך קלימענציען אופין האלז, קלימענציע נעמט זיא שטארק ארום אונ קושט זיא אונ האלזט זיא · זיא פרייט זיך וואס גאט האט איר צו גישיקט אגוט גיזעלין שאפט, דער ווייקע האט מען דער ליינגט צום טיש אז בייסען: נאך דעם אז בייסין איז וואלפע גנאנגען אין איר צימער אביסיל אוים רוהין: אונ קלימענציע איז דער פון גערין געוועזען, וויל זיא וועט קיינין נעמין וויקטארין אז אזייט אונ פאר בריינגען מיט אים, דער געהען בייא אים אלע זיינע פארבארגענע.

## 3.

קלימענציע נעמט וויקטארין פאר דער האנט אונ פירט אים אוועק אין סאר שפאצירין געהען. וויקטאר האט ניט גיהאט קיין האזע אפ זאגין ניט געהען מיט איר, ער געהט מיט איר. זיא האלט אים פאר דער האנט אונ קוועטשט אים דיא האנט פאר ליבשאפט, אבער ער ציט ביסליך וויים זיין האנט ארוים פון אירע הענט, קלימענציע ווערט דאריבער שטארק פאר ווינדערט, זיא טראכט עס איז גיוויס ניט אום זיסט, עס

קען

קֶען גָאר נִיט זַיין ; וָואס אַטָאג וֶוער אִיךְ אִים אַלְיין צוּם רַאסְט , אִיךְ מוּז וִויסֶן וָואס דָאס בֶּעטַייט , אִיךְ מוּז דָאס יֶעצְט דֶער גֶעהֶן , עֶס מָעג זַיין וָואס עֶס וִויל , אִיךְ וֶועל אִים נִיט אָפּ לָאזִין , עֶר מוּז מִיר עֶנְדְעקִין זַיינֶע גֶעהֵיימְנִיסֶע עֶר מוּז מִיר אַלְיין דֶער צֵיילִין , זִיא גֶענְמְט אִים אָן בַּייא זַיין הַאנְט , וֶועלְכֶע עֶר הָאט עֶרְשְׁט פוּן אִיר צוּ גִינוּמֶען אוּנ זָאגְט צוּא אִים : וָואס הֵייסְט דָאס וִויקְטָאר ? צוּ דוּא בִּיסְט אוֹיף מִיר עֶפֶּעס בֵּייז ? אָדֶער דוּא הַאלְסְט דָאס פַאר אַפַּארְבְּרֶעךְ אַרוּם צוּא פִירֶען זִיךְ מִיט אַשְׁוֶועסְטֶער פַאר דִיא הֶענְט , מִיט דַיין לַייבְּלִיכֶע שְׁוֶועסְטֶער , וָואס לִיבְּט דִיךְ אַזוֹ שְׁטַארְק .

אַלַייבְּרִיכֶע שְׁוֶועסְטֶר , וָואס לִיבְּט מִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק !

יָא יָא מַיין טַייעֶרֶער בְּרוּדֶר , אִיךְ קֶען דִיר גָאר נִיט פָאר שְׁטֶעלֶען וִויא שְׁטַארְק אִיךְ לִיבּ דִיךְ , דוּא וֵוייסְט וִויא שְׁטַארְק אִיךְ הָאבּ לִיבּ אוּנְזֶער פָאטֶר , אוּנְזֶערֶן טַייעֶרֶען פָאטֶער , עֶס אִיז צְוַואר אַשַׁאנְדֶע דִיזֶעס צוּא זָאגֶען נָאר אִיךְ מוּז אָבֶּער דִיא וָוארְהַייט זָאגֶען אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ נָאךְ לִיבֶּער פוּן אִים , אִיךְ לִיבּ דִיךְ נָאךְ פִיל מֶער וִויא אִיךְ לִיבּ זִיךְ אַלֵיין .

מֶער וִויא זִיךְ אַלֵיין , מֶער וִויא אוּנְזֶער פָאטֶער ! אָךְ ! קְלִימֶענְצִיֶע , לָאז מִיךְ קְלִימֶענְצִיֶע . אִיךְ בֶּעט דִיךְ . לִיבֶּע קְלִימֶענְצִיֶע , לָאז מִיךְ אִיבֶּער אַלֵיין , גֶעה פוּן מִיר אַוֶועק גֶעה אִיךְ בֶּעט דִיךְ , אִיךְ קֶען מִיט דִיר נִיט זַיין צוּ זַאמֶען ! גְוַואלְד זָאג מִיר גָאר נִישְׁט , נִיט רֵייד מִיט מִיר , — שְׁטַייטְשׁ שְׁטַייטְשׁ וָואס הֵייסְט דָאס ? וָואס בַּאטַייט דָאס ? וָואס טְרַייבְּסְטוּ מִיךְ פוּן זִיךְ אַוֶועק ? וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גְטָאן , וָואס דוּא בִּיסְט אוֹיף מִיר אַזוֹי בֵּייז גֶעוָוארֶען ? מִיךְ טְרַייבְּסְטוּ וִויקְטָאר אַוֶועק ? מִיךְ , וִויקְטָאר ? אִיךְ פַאר שְׁטֶעה גָאר נִיט . זָאג מִיר . וָואס הֵייסְט דָאס ? שׁוֹין פוּן אַצַייט

אַז דוא דֶער וַוייטֶערְסְט זִיךְ פוּן מִיר , דוא מַאכְסְט זִיךְ צוּ מִיר פְרֶעמְד
דוא מוּזְט מִיר זָאגֶען , וָואס דָאס בֶּעטַייט , וָואס אִיז דִיא אָרְזָאכֶע פוּן
דַיין קוּמֶער ? וָואס בִּיסְטוּ פוּן אַ צַייט אַזוֹי פַאר צָאקְט אִין אַנְטְלוֹיפְסְט
פוּן לַייטֶען . דוא אַנְטְלוֹיפְסְט פוּן מִיר , דוא ווִילְסְט מִיט מִיר נִיט רֵיידֶען.
זָאג , זָאג ! אִיךְ בֶּעט דִיךְ מִיט טְרֶערֶען ווִיקְטָאר .

קְלֵימֶענְצִיָע מִיר מוּזֶען זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען , עֶס אִיז בַּייא מִיר אִין הַארְצֶען
אַשְׁרֶעקְלִיכֶע סוֹד וֶועלְכֶען דִיא טָארְשְׁט נִיט ווִיסֶען , קְלֵימֶענְצִיָע , לִיבֶּע
קְלֵימֶענְצִיָע ! מִיר קֶענֶען נִיט זַיין מֶער צוּ זַאמֶען , אִיךְ מוּז פוּן הַאנֶען
אַוֶועק גֵיין , אִיךְ מוּז אַנְטְלוֹיפֶען , אִיךְ וֶועל גֶעהֶן ווִיא הִין דִיא אוֹיגֶען
וֶועלֶען מִיךְ טְרָאגֶען , :.

וָואס רֶעדְסְטוּ ווִיקְטָאר ! גְוָואלְד וָואס זָאגְסְט דוא ? דוא וֶועסְט
אַוֶועק גֶעהֶן ? דוא וֶועסְט אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דַיין הוֹיז גְזוּנְד ? פוּן דַיין פָאטֶער
אִין שְׁוֶועסְטֶער , וָואס לִיבֶּן דִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק ? דוא וֶועסְט אוּנְז אַוֶועק
וַוארְפֶען , דוא וֶועסְט אוּנְז פַאר רָאזֶען , ווִיקְטָאר ! דַיין אַלְטֶען פָאטֶער ,
מִיךְ , דַיין גֶעלִיבְּטֶע שְׁוֶועסְטֶער ? אִיךְ וֶועל דָאס נִיט אוֹיס הַאלְטֶען , אִיךְ
וֶועל דָאס גָאר נִיט אִיבֶּער טְרָאגֶען : זָאג מִיר ווִיקְטָאר , וָואס אִיז דָאס
פַאר אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען סוֹד , אִיךְ בַּשְׁוֶוער דִיךְ ווִיקְטָאר אִיךְ בַּשְׁוֶוער דִיךְ
דוא זָאלְסְט מִיר אַלְץ עֶנְדֶעקֶן , עֶס אִיז נִיטָא קֵיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט
אַזוֹינְס וָואס אִיךְ זָאל בַּייא דִיר נִיט טָארֶען ווִיסֶען , עֶס מֶעג זַיין וָואס
עֶס ווִיל , דוא מוּזְט מִיר דֶער צֵיילֶען .

דוא בַּשְׁוֶוערְסְט מִיךְ , אִיךְ זָאל דִיר אוֹיס זָאגֶען ? אִיךְ פָאלְג דִיךְ
נָאר זָאלְסְט ווִיסֶען קְלֵימֶענְצִיָע אַז עֶס אִיז זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ , אִיךְ מוּז
דִיר עֶנְדֶעקֶן דוא צְווִינְגְסְט מִיךְ אַלֵיין דֶער צוּ . זָאלְסְטוּ ווִיסֶען אַז אִיךְ
הָאבּ דִיךְ לִיבּ , אָט אִיז גָאר מַיין סוֹד : שְׁטַייטְשׁ , וָואס אִיז דָאס פַאר

אַזאַ סור איז דֶען דָאס אַווינדֶער ? איך הָאב דָאך דיך אויך ליב .

דוּא הָאסְט מיך ליב וויא אַבְּרוּדֶער , איך אָבֶער ליב דיך אַזאַנדֶער לִיבְּשַׁאפְט . . עֶס קֶען ניט זיין קיין גְרֶעסֶערֶע לִיבְּשַׁאפְט וויא איך ליב דיך דוּא קֶענְסְט מיך מֶער ניט ליב הָאבֶּען וויא איך דיך , וָוארוּם עֶס קֶען שוין ניט זיין קיין גְרֶעסֶערִי לִיבְּשַׁאפְט אויף דֶער וֶועלְט . וָוארוּם דוּא רֶעכְנְסְט מיך פַאר אַבְּרוּדֶער , קֶען ניט זיין אַשְׁוֶועסְטֶער זָאל איר בְּרוּדֶער לִיבֶּען מֶער וויא דוּא מיך , איך אָבֶער הָאב דיך ליב ניט וויא אַשְׁוֶועסְטֶער , איך הָאב דיך ליב אַזוֹ וויא מֶען לִיבְּט אַפְרוֹיֶענְצִימֶער . וֶועלְכֶע מֶען לִיבְּט זֵייעֶר שְׁטַארְק זֵייעֶר אַהֵייסֶע לִיבְּשַׁאפְט .

דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען קְלִימֶענְצִיעֶ , אַז איך בין דיר ניט קיין בְּרוּדֶער . איך בין אַגִיפוּנֶען קִינְד . דיין פָאטֶער הָאט מיך גְפוּנֶען אין ווַאלְד אַקְלֵיין קִינְד אוּנ הָאט מיך אַריין גְנוּמֶען צוּ זיך אין זיין הויז , עֶר הָאט מיך עֶרְצוֹיגֶען וויא אַיין אֵייגִין קִינְד . . . דוּא בִּיסְט מיר ניט קיין בְּרוּדֶער ! . . . אָגָאט מיין גָאט , וָואס פַאר אַגְלִיק דָאס איז , איך בין גָאר אויסֶער זיך פוּן דֶער גוּטֶער נַאכְרִיכְט .

וָואס הֵייסְט , דוּא פֶערְצֵייהֶעסְט מיר קְלִימֶענְצִיעֶ , דָאס איך דָאב דיך ליב ? דוּא וֶועסְט מיך דֶער פַאר ניט בַּאשְׁטְרָאפֶען ?

—יָואס רֶעדְסְטוּ וִויקְטָאר ? פַאר קֶערְט איך בין איצְט גְלִיקְלֶעך , איך הָאב זיך שְׁטֶענְדִיג גְפָארְכְט פַאר דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט . וָואס מיר וֶועלֶען זיך אַמָאל דַארְפֶען צוּ שֵׁיידֶען . דיא הֵייראַטֶע וֶועט מוּזֶען פַאר טְרֶעטֶען דיין אָרְט אין מיין הַארְצֶען , איך הָאב גְצִיטֶערְט פַאר דֶעם גְדַאנְק וָואס איך וֶועל מוּזֶען לִיבִּין אַנְאַנְדֶערִין אָן שְׁטָאט דיך . . . הַיינְט קֶענֶען מיר הָאפֶען אַז מיר וֶועלֶען זיך אין לֶעבֶּען ניט שֵׁיידֶן , איך קֶען הָאפֶען אַז

איך

איך װעל קײן אַנדערען אױסער דיך ניט ליבּין אױ װאָס פֿאַר אַגליק דאָס איז .

—װאָס הער איך ? װאָס הערן מײנע אױערין , װאָס זאָגסטו קלימענציע, איז דאָס מיגליך קלימענציע ? ליבּע קלימענציע , קען דאָס געמאָלט זײן ? בּרעכען דעם אונטערשײד פֿון מיר צו דיר װער בּין איך , אַיתום , פֿון די עלטערן פֿאַר װאָרפֿען , װער װײסט נאָך , װער זײא זענין געװען , קען דאָס זײן , אַז דער גרױסער בּאַראָן . דײן פֿאָטער , זאָל מיך װעלען פֿאַראײניגען מיט דיר , זײן אײנציגע טאָכטער . דאָס איז נאָר פֿאַלשע האָפֿנונג קלימענציע .

—װאָס איז דאָס דיר פֿאַר אַ װינדער װיקטאָר ? אַז דוא װילסט װיסען די רײד פֿון מײן פֿאָטער , װאָס ער האָט מיר װיא פֿיל מאָל גזאָגט , איך האָבּ אַלײן ניט פֿאַר שטאַנען װאָס ער מײנט מיט זײני רײד . ערשט הײנט פֿאַר שטעה איך שױן אױכדריקלעך אַלי זײני װערטער .— מײן טאָכטער : האָט ער צו מיר גיזאָגט . ליבּ װיקטאָרען . ליבּ אים אַשטאַרקי ליבּשאַפֿט איך האָבּ אַגװיסע מײנונג צו די רײד װאָס איך זאָג דיר . דוא װאָלסט װיסען מײן טאָכטער װאָס איך אין דוא דאַרפֿען מיר ערװאַרטען פֿון װיקטאָרען . צו פֿילסטו מײן ליבּע טאָכטער די טהײערע מעלות װאָס דער ליבּער װיקטאָר האָט אין זיך . זײן האַרץ , זײנע גיװיסען , אַלי זײני מעלות , אַ גאָט ! העלף מיר גרײכען צו מײן האָפֿנונג , העלף מיר צו דער האַרין . זעהין פֿון אײך קינדער , װאָס איך האָף װאָס איך גלױבּט צו זעהען פֿאַר שטײסטו שױן װיקטאָר אַז מײן פֿאָטער אונ דײן ערציהער האָט קײן אַנדער מײנונג ניט נאָר פֿאַר הײראַטין אונז .

—װאָס רעדסטו קלימענציע ? רײד נאָר ניט אַזעלכי זאַכען , דוא

שמועסט

שמועסט זיך איין אַזאַ זאַך וואס עס איז אַזוי קרום , אַזאַ ווייטי זאַך ,
דער מאַן זיך דעם אונטער שייד . . .

—יאך האסטו ניט דער קענט אונזער פאטער ? נאך פאר שטייסט דוא אים ניט ? דאכט זיך דערפמטו שוין גאנץ גוט וויסען אונזער פאטער האלט זיך ניט ביי זיך גרויס ער האט פיינט פאלשי עהרע , ער האלט ניט פון גיבארענים יחוס ער קוקט נאר וואס דער מענטש איז . אונ פון וואנען ער קומט אַרויס מאכט ביי אים גאר נישט אויס , ובפרט דיך וויקטאר , ליבער וויקטאר , ער האט דאך דיך ליב וויא דיא שוואַרץ אַפיל פון אויג . ער וועט זיך האלטען פאר גליקליך אן רופען דיך דאס צווייטע מאל זיין קינד , דער גליבטער פון זיין איינציגער טאכטער , א וואס פאר אַ גליק עס ער ווארטעט אונז מיין ליבר גטרייער וויקטאר ! קלימענציע באניצט אַלי מיגלעכקייט איין צו ריידען וויקטארען , טרייסטען אים . גיבען אין זיין הארצען אגוטע האפנונג ; עס איז אבער אַלץ אום זוסט , זיא קען אים ניט איין שמועסין . וויקטאר האט זיך אַליין גרעכינט פאר גאר נישט , אַזוי קליין האט ער זיך גהאלטען , חאטשי ער איז גוועןן אַבענטש מיט אלע גוטע מעלות ; ער האט זיך גאר מיאוס גוועןן , ער האט זיך ניט גקענט איינשמועסען ער זאל קענען גרייכען צוא אזא גליק , צו זיין דעם באראן פריצערענס איין איידעם ' ער האט נאר זייער חרטה וואס ער האט מגלה גוועןן קלימענציען דעם סוד וואס זייא זענען ניט קיין ברודער אונ שוועסטער , ער האט גיקלערט אַז דער באראן האט איר ניט גיזאגט קיין מאל וועגען דעם , האט ער דער צו אגיוויסען טעם מסתמא טאר זיא דער פון ניט וויסען , וויקטאר האט גבעטען קלימענציען זיא זאל מאכען גלייך זיא וויים דער פון ניט ביז וואנען עס וועט זיך מאכען אגילעגנהייט אַז דער באראן וועט איר אַליין דער צעהלען ; זיא

זָאגְט אִים דָאס צוּא. אִיז דִיא רֵייד הָאט מֶען זֵייא מוֹדִיעַ גֶוֶוען אַז דֶער בַּארָאן זִיכְט זֵייא עֶר דַארְף זֵייא עֶפִּים זֵייעֶר נֵייטִיג הָאבֶּן, זֵייא קוּמֶען צוּ אִים אִין דִיא פָּאקָאיֶיעס זֵייא טְרֶעפֶען אִים זֵייעֶר פַאר טְרַאכְט אוּנ צוּ רוּדֶערְט.

לִיבֶּע קִינְדֶער זָאגְט עֶר צוּ זֵייא, אִיךְ הָאבּ אַייךְ צוּ דֶער צֵיילֶען זֵייעֶר אַווּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ: עֶפִּים אִיז מִיט דֶער דָאזִיגֶער פְרוֹי וָואלְפֶע זֵייעֶר ווּנְדֶערְלֶעךְ אוּנ אוּמְפַארְשְׁטַאנְדִיג, עֶפִּים מוּזֶען זַיין אִירֶע טְרֶעפֶענִשִׁין זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ.

וָואס אִיז אַזוֹינְס לִיבֶּער פָאטֶער? הֶערְט מַיינֶע קִינְדֶער: אִיךְ גֶעה אַזוֹ דוּרְךְ פַאר בַּייא דֶעם צִימֶער וָואס אִיךְ הָאבּ אָפּ גֶגֶעבֶען דֶער פְרוֹי וָואלְפֶען, דִיא טִיר פוּן אִיר צִימֶער אִיז גֶיוֶוען אַבִּיסֶעל אָפֶען, אִיךְ גֵייג צוּ דֶעם קָאפּ אוּנ קוּק זִיךְ צוּ, זֶעה אִיךְ זִיא לִיגְט אִין בֶּעט אָן גֶעשְׁפַּארְט אוֹיף דִיא עֶלִינְבֵּייגֶענְס אוּנ הַאלְט אִין הַאנְט אַגִילְדִין שֶׁעכְטֶעל בַּאזֶעצְט מִיט דִימֶיינְטֶען זִיא עֶפִינְט דָאס אוֹיף אוּנ רוּקְט אַרוֹיס פוּן דָארְטֶען אַ בִּילְד, אוּנ בַּאטְרַאכְט דָאס זֶעהֶער שְׁטַארְק, אוּנ הֵייבְּט דָאס אָן זַייעֶר שְׁטַארְק קוּשֶׁען זִיא זִיפְצְט זֵייעֶר שְׁטַארְק אוּנ זָאגְט; נָאר אַקוּרַאט... דָאס מוּז עֶר טַאקִי זַיין. דָאס אִיז עֶר גֶעווּים, אָ! לִיבּ קִינְד, זִיס קִינְד! וואהל מִיר אַז אִיךְ זֶעה דִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶער לֶעבְּט צוּ זֶעהֶען אַז אִיךְ בִּין זוֹכֶה דִיךְ צוּ זֶעהֶען. אָךְ ווּנְדֶער אִין וֵוייא! אַז אִין אַ זַא הֵיילִיג פָּנִים, אִין אַ זַא זִיס פָּנִים אִיז אוּם גִיקְרִיצְט דָאס גִישְׁטַאלְט פוּן אַ זַא שְׁרֶעכְטִין מֶענְטְשִׁין, עֶר הָאט פִיל אָן בְּלִיק פוּן אִים..., זִיא זִיפְצְט וַוייטֶער אוּנ רִיקְט אַרוֹס נָאךְ אַבִּילְד, אוּנ קוּקְט דֶערוֹיף בֶּעזָארְגְט אוּנ בַּאנִיסְט זִיךְ מִיט טְרֶערֶן; אָךְ אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע פְרוֹי, זָאגְט זִיא, אָ מַיין גִיזֶעלֶן,

מיין

מַיין ווירְטֶן ! אֵייבִּיג ווֶעל אִיךְ נָאךְ דִיר קְלָאגִין . אֵייבִּיג ווֶעל אִיךְ נָאךְ דִיר טְרוֹיעֶרִין . בִּיז אִין גְרוּבּ ווֶעל אִיךְ נָאךְ דִיר וַויינֶען . זִיא טוּט וַוייטֶער אַקוּק אַפִין עֶרְשְׁטִין בִּילְד אוּנ קוּשְׁט זִייא בֵּיידֶע אוּנ נֶעצְט זִייא אָפּ מִיט טְרֶערִין אוּנ זָאגְט : נָאר דָא אִין דֶעם שֶׁעכְטִיל ווֶערְט אִיר נִיט צוּ שֵׁיידְט . אָךְ אִין יוּנְגֶע יָאהְרֶען מַיין טַייעֶרֶע ווירְטִין הָאסְטוּ זִיךְ גִישֵׁיידְט מִיט דֶער ווֶעלְט , דוּא הָאסְט נָאךְ קַיין צַייט נִיט גִיהַאט אָן זֶעטִין זִיךְ מִיט אַ זַא לִיבּ גִישְׁטַאלְט הָאסְט זִיךְ מִיט אִים גִישֵׁיידְט אוֹיף אֵייבִּיג . דוּא בִּיסְט גִיפַאלִין אוּנְטֶער דִיא הֶענְט פוּן דֶעם אוּנְמֶענְטְשְׁלִיכֶען דֶעם מֶערְדֶער , דוּא הָאסְט מִיךְ אִיבֶּר גִילָאזְט אוֹיף גְרוֹיסֶע צָרוֹת , אוֹיף אֵייבִּיקֶע נָאךְ יָאגֶעניש פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטִין אוּמֶערְבַּארוּמִיקִין אָךְ לִיבּ קִינְד , לִיבּ קִינְד ! טַייעֶר קִינְד ! אִיךְ פִירְכְט מִיךְ אוֹיף דִיר צוּ קוּקִין , דוּא הֶער ווֶעקְסְט מִיר אַלֶע ווּנְדִין , אִיךְ דֶער זֶעה אִין דִיר דֶעם קוּק פוּן מַיין בִּיטֶערִין שׂוֹנֵא . . . אִיךְ ווֶער צֶערְצִיטֶערְט . . . אָךְ ווינְד אִין ווייא אִיז מִיר , אַז אִיךְ מוּז אַלֶע טָאג זֶעהֶען דֶעם אָנְבְּלִיק פוּן אַזֶעלְכִין , פַאר ווֶעלְכִין עֶס פְלַאטֶערְט אִין מִיר מַיין הַארְץ . . .

אָךְ לִיבֶּע מַאדַאם ווירְטִין מַיינֶע ' ווֶען ווֶעל אִיךְ שׁוֹן אוֹיךְ קוּמֶען צוּ דִיר . ווֶען ווֶעלִין מִיר זִיךְ וַוייטֶער פַארְאֵייניגֶן . . . . לִיבֶּע . . . . אוּנ אִין דִיא ווֶערְטֶער הָאט זִיא אַנִידֶער גִילֵייגְט לֶעבִּין זִיךְ דָאס שֶׁעכְטִיל , זִיא אִיז שְׁטִיל גִילֶעגִין , טְרֶערִין הָאבֶּען זִיךְ אִיר גִיגָאסִין פוּן דִיא אוֹיגִין ווִיא פוּן אַקְווַאל . זִיא הָאט אָן גִיהוֹיבִּין דְרֶעמְלִין אִין אִיז בִּיסְלִיךְ וַוייס שְׁטַארְק אַנְשְׁלָאפִין גִיווָארִין . אִיךְ גֶעה שְׁטִילֶערְהֵייט אַרַיין , אִין נֶעם דָאס שֶׁעכְטֶעל אוּנ הָאבּ עֶס גִיבְּרַאכְט אַייךְ ווייזֶען , בַּאטְרַאכְט דָאס קִינְדֶער מֶען מוּז דָאס גִיךְ טְרָאגִין צוּ רִיק אַנִידֶר לֵייגֶען , ווַייל זִיא שְׁלָאפְט

נאךְ

נאך , וויקטארין שטעלין זיך דיא האר קאפויר , ער ווייסט אליין ניט · וואס נעמט אים עפעס אן אשרעק , עס גיסט אים אפ מיט שוויים ער קוקט אן דאס שעבטעל אין איינעם מיט קלימענציען , זייא עפענען אויף אונ רוקען ארויס איין בילד דאס איז גווען איונגע פרויא זייער א שיינע מיט זעהר אטרויערעג פנים , איין האנט מיט דיא אויגען , פון וועלכע עס רינען טרערען , הייבט זיא אויף צום הימעל , אונ מיט דער אנדערער האנט ווייזט זיא אויף איין אויס גימאלטען קבר איין אפענעם , אויף וועלכען עס שטעהן אויפגישריבען דיא ווערטער — , דא ווערט איין גישלונגען ליבשאפט , פארגינונגען , אין צרות , זייא רוקען ארויס דאס אנדערע בילד זייא - זעהן אקליין קינד ליגט אין אוויגעלע מיט אפאר היינגעל פאר היינגען , אויפען פארהיינגעל שטייען אויף גישריבען אט דיא ווערטער , נאך איין אומגליקליכער , דאס פארהיינגעל אליין איז גווען אביסיל אפען , עס האט זיך ארויס גזעהען דאס גשטאלט פון דעם קינד , עס האט אזו גשיינט וויא דיא זון , קלימענציע טוט אגשרייא אי וויקטאר ! וויקטארס פנים ! דאס איז נאר אפ גמאלט גווארען וויקטאר קליינער הייט . . דער באראן ווערט אויך זעהר פאר ווינדערט וויקטאר ווערט גאר פאר שטיינערט , זייא קוקן אלע אן דעם קינדס גיזיכט מיט אגרוס גירודער · דער ווייל האט זיך אין דיא הענט אומגעדין א קוועטש גיטאן אבאהאלטין פרוזינקע פונים שעבטעל האט זיך אויף גיעפונט אין שעבטיל ארעקעלע , האבין זייא דער זעהן , נאך א בילד פון איין מאן , פון אאר דרייסיג , דער מאן איז אן גיגורט מיט גיווער זיין גישטאלט איז זייער שוין אונ שרעקליך · אבער וויא גרוים איז גווארין זייער וואונדער אז זייא האבן דער זעהן אז זיין גישטאלט איז אויך זעהר פארבנע צו וויקטארין , אונ דער באראן טוט אגעשרייא מיט שרעק , אך ! איך קאן דעם מאן איך האב אים גיזעהען , דאס איז דער גרויסער

הֶעלְר רָאזְשֶׁער. דֶער עֶלְצְמֶר פוּן דִיא רַאזְבָּאנִיקֶעס, וָואס רוּבִּין שׁוֹין פוּן לַאנְג אִין גַאנְץ גֶערְמָאנְיֶע אוּנ נִיט לַאנְג דָא אִין דִיא וֶועלְדֶער פוּן בֶּעהמֶען. דָאס אִיז דֶער רָאזְשֶׁער וֶועלְכֶען דִיא פְרוֹיא וָואלְפֶּע הָאט דֶער מַאנְט אִין שְׁלָאף, דֶער שְׁלֶעכְטֶער רָאזְשֶׁער, דֶער גְרוֹסֶר מֶערְדֶער, וֶועלְכֶען דִיא רֶעגִירוּנְג יָאגְט שְׁטַארְק נָאך אוּנ קָאן אִים נִישְׁט בַּאקוּמֶען, עֶר בַּארַאבֶּעוֶועט אַלֶע רַייזֶענְדֶע, אוּנ בַּאפַאלְט דִיא שְׁלֶעסֶער, עֶר פִירְט נָאך זִיך אַנַאנְצֶע אַרְמַייֶע מִיט פִיל גִיוֶוער.

וִויא הָאסְטוּ אִים גְזֶעהֶן לִיבֶּער פָאטֶער? זָאגְט וִויקְטָאר מִיט שְׁרֶעק.

פְרֶעג מִיך נִיט, לִיבֶּער וִויקְטָאר, דֶער מַאן מִיר נִיט מַיינֶע אוּמְגְלִיקֶן, וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיך שׁוֹין לַאנְג גִימַאכְט פַאר גֶעסִין...

וָואס הֵייסְט דָאס אָבֶּער זָאגְט קְלִימֶענְצִיֶע זֵייעֶר פַאר וְואוּנְדֶערְט וָואס הֵייסְט דָאס וָואס עֶר אִיז אַזוֹ פָאחָאזְשֶׁע אוֹיף וִויקְטָארִין? דֶער בַּארָאן שְׁווַייגְט אוּנ דִיא פַארְבִּיז בַּייטִין זִיך אִים אִין פָּנִים, אוּנ וִויקְטָאר רוּפְט זִיך אָן, אִי אִי! אָט דָאס אִיז רָאזְשֶׁער! אוּנ אִיך הָאבּ זַיין גְשְׁטַאלְט, אָ! גָאט מַיין גָאט! נָאר דֶער בַּארָאן בַּאהַאלְט אִין זִיך זַיין גִירוּדֶער אוּנ עֶנְטְפֶערְט אִים: הָאבּ נִישְׁט קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ וִויקְטָאר עֶס טְרֶעפְט זִיך אָפְט אַז בַּייא דֶעם שְׁלֶעכְטֶען מֶענְטְשֶׁען וַוייזֶען אוֹיס גוּטֶע סִימָנִים אוֹיפֶן פָּנִים גְלַייך וִויא בַּייא דֶעם גוּטִין אוּנ עֶרְלִיכִין, אוֹיך גִיבְּט זִיך אַיין א פָּנִים אִין אַ פָּנִים:

נָאר וָואס זָאל דָאס אָבֶּער בֶּעטַייטִין זָאגְט וִויקְטָאר וָואס דִיא פְרוֹיא וָואלְפֶּע הָאט הַיינְט פַאר טָאג אַז זִיא הָאט זִיך אוֹיף גִיחַאפְּט, מִיך שְׁטַארְק אָן גִיקוּקְט אוּנ אַ גְשְׁרַייא גִיטָאן אָט אִיז עֶר! אִיהר הָאט זִיך גִימוּזְט אוֹיס וַוייזִין אַז זִיא זֶעהְט פַאר זִיך רָאזְשֶׁערִין,

און וָואס פַאר אַ בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט זָאגְט קְלִימֶענְצְיֶע , קָאן הָאבֶּן דִיא רָאזִינֶע פְרוֹיא וָואלְפֶע מִיט דֶעם רָאזְשֶׁעדִין ? וָואס זִיא טְרָאגְט בַּייא זִיךְ זַיין בִּילְד , אויךְ הָאט זִיא גְמוּזְט זַיין אַפְּרַיינְד אָדֶער אַ לַייבּ־דִינֶערִין פוּן דֶער פְרוֹיא דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע וֶועלְכֶע דָא אִיז אוּיס גִימָאלְט און דָאס קִינְד ? . . . וָואס קָאן דָאס אַלְץ בַּאטַייטֶען ? רָאמֶער גֵיין קִינְדֶער זָאגְט פְּרִיצֶערִין , מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶר , רָאמֶער זִיךְ צוּא זֶעצֶען צוּא דֶער פְרוֹיא זִיא זָאל אוּנְז עֶנְדֶעקִין אִיהר גֶעשִׁיכְטֶע , עֶס קֶען זַיין פִילַייכְט וֶועל אִיךְ אִיר אויךְ מוּזֶען עֶט וָואס עֶנְדֶעקֶען פוּן מַיינֶע טְרֶעפוּנְגֶען עֶס קֶען פִילַייכְט זַיין אוּנְזֶערֶע גֶעשֶׁעכְטֶעס זָאגֶען זִיךְ פַאר אֵיינִינֶען . . . דֶער צוּא וֶועלֶען מִיר מִיט אִיר טֵיילֶען אִירֶע זָארְגִין , עֶס וֶועט פַאר אִיר גֶעבֶּען זַיין גִיוִויס בֶּעסֶער אַז מִיר וֶועלֶען פוּן אַלְץ וִויסִין .

און דֶעם חַאפְּט זִיךְ דֶער בַּארָאן פְּרִיצֶערִין און וִויל גִיכֶער גֵיין אָפּ טְרָאגִין דָאס שֶׁעכְטִיל צוּא דֶער פְרוֹי וָואלְפֶע , אָבֶּער בַּאלְד דֶער זֶעהֶען זֵייא זִיא אַלֵיין אַרַיין קוּמֶען צוּ זֵייא · זִיא הָאט נִיט לַאנְג גִישְׁלָאפֶען , זִיא הָאט זִיךְ אוּף גְחַאפְּט און גְפִינְט נִיט אִיר טַייעֶר שֶׁעכְטִיל לֶעבִּין זִיךְ , זִיא אִיז אִיבֶּער דֶעם גְוָוארֶען זֵייעֶר אוּמְרוּהִיג , און אִיז גִיקוּמֶען צוּא לוֹיפֶין צוּם בַּארָאן · זִיא טְרֶעפְט זֵייא הַאלְטֶען אִיר שֶׁעכְטִיל , זִיא בְּלַייבְּט גָאר וִויא פַאר שְׁטֵיינֶערְט , דֶער בַּארָאן אִיז שְׁטַארְק פַאר שֶׁעמְט גְוָוארֶן , עֶר הֵייבְּט זִיךְ אָן פַאר עֶנְטְפֶערֶן און זָאגְט , פֶערְצַייהֶעט מִיר מַאדַאם וָואס אִיךְ הָאבּ בַּייא אַייךְ צוּא גִינוּמֶען דָאס שֶׁעכְטִיל אָהן אַייעֶר וִויסֶען , אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶען וִויא אַזוֹי אִיהר הָאט דְרוֹיף גִיקוּקְט זֵייעֶר בֶּעזָארְגְט מִיט פִיל טְרֶערֶן און מִיט אוּמְפַארְשְׁטַאנְדִיקֶע רֵייד , אִיךְ הָאבּ גִיהַאט גְרוֹיס מִיט לֵייד , אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט גוֹבֵר זַיין דֶעם רַחֲמָנוּת און נַייגֶערִיגְקֵייט אָן צוּ קוּקֶען אִין אֵיינֶעם מִיט מַיינֶע קִינְדֶער דִיזֶע שֶׁעכְטִיל וֶועלְכֶע שְׁטֶערְט אַייךְ אַזוֹ שְׁטַארְק אַייעֶרִי רוּה , טָאמֶער

ווטלען

ווָעלֶען מִיר קֶענֶען טְרֶעפֶען אַ בִּיסֶעל אַייֶער קוּמֶער , מִיר זָאלֶען קֶענֶען אַייךְ הֶעלְפִין , בִּירוּעֶרְן אַייֶערֶע אוּמְגְלִיקֶען , מִיר ווִילֶען מִיט אַייךְ אִין אֵיינֶעם טֵיילֶען דִיא זָארְגֶען פוּן אַייֶער הַארְצֶען , ווֶעלְכֶע צוּ בְּרֶעכִין אַייךְ אַזוֹ שְׁטַארְק אַייֶערֶע קְרֶעפְטִין , נָאךְ מֶער אִיבֶּער דֶעם ווָאס אִיר הָאט נִיט פַאר ווֶעסֶען אוּם דֶער צֵייטֶען אַייֶער הַארְץ . גְלֵייבְּט מִיר מַאדַאם אַז אִיר ווֶעט אוּנְז דֶער צֵיילֶען ווֶעט אַייךְ פִיל גְרִינְגֶער זַיין צוּ פַאר טְרָאגֶען , מִיר ווֶעלֶען אַייךְ טְרֵייסְטֶען , מִיר ווֶערֶען אַייךְ קֶענֶען אַבִּיסֶל צוּ שְׁלָאגֶן , מִיר זֶענִין אַזוֹי שְׁטַארְק צוּא רוּהֶערְט פוּן אַייֶער לַאגֶע , ווִיעָלְכֶע אִיז אוּנְז אוּמְווִיסִינְדִיג , אַז מִיר קֶענֶען גָאר נִיט רוּהֶען , דֶער צוּ קָאן אִיךְ אַייךְ נִיט פַארְשְׁטֶעלֶען דֶעם וואוּנְדֶער מִיטֶען שְׁרֶעק . ווָאס עֶס נֶעמְט אוּנְז אָן : אִיךְ הָאבּ עֶרְקֶענְט אִין דֶעם שֶׁעכְטִיל דָאס פָּנִים פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶן רָאזְשֶער , דֶעם אַטָאמַאן פוּן דִיא רֵייבֶּער , ווָאס גְפִינֶען זִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע ווֶעלְדֶער ...

ווָאס שְׁטַייטְשׁ מַיין הֶערְר ! אִיהְר קֶענְט אִים , דֶעם גַזְלָן ? אִיךְ אִים , דָאס אִיז עֶר . אִיךְ בֶּעט אַייךְ דֶער צֵיילְט מִיר , אִיךְ ווֶעל אַייךְ אויךְ דֶער צֵיילֶען מַיינֶע אוּמְגְלִיקֶען , מַיין גְשִׁיכְטֶע , זִיא אִיז אויךְ זֵייעֶר שְׁרֶעקְלֶעךְ , מִיר ווֶעלֶען קֶענֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען טְרֵייסְטֶען , אִיךְ בֶּעט אַייךְ דֶער צֵיילְט , דֶער צֵיילְט מִיר אֵיינֶעם אַלֵיין אַז אִיר ווִילְט , מַיינֶע קִינְדֶער ווֶעלֶען נִיט הֶערֶען אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט נִיט , זֵייא ווֶעלֶן אַרוֹיס גֵיין , זֵייא זֶענֶען נָאךְ יוּנְגֶע קִינְדֶער , פִילַייכְט גִיהֶער נִיט זֵייא זָאלֶען ווִיסֶען .

מַיין הֶערְר , מַיין הֶערְר ! בֶּעט מִיךְ נִיט מַיין הֶערְר ! פָאדֶערְט נִיט פוּן מִיר , אִיךְ בֶּעט אַייךְ מִיט הֵייסֶע טְרֶערִין , אִיר הָאט מִיר פֶערְשְׁפְּרָאכֶן דִיזֶעס נִיט צוּ פַאר לַאנְגֶען פוּן מִיר , דָאס אִיז אַ סוֹד ווָאס אִיךְ קֶען אִים נִיט מְגַלֶה זַיין . אִיךְ הָאבּ דָאס פַארְשְׁפְּרָאכֶען אֵיינֶער , ווֶעלְכֶע לֶעבְּט

שוין

זין נִיט מֶער, בַּייא אִיר טוּיטִין בֶּעט הָאבּ אִיךְ אִיר דִיזֶעס פֶערְשְׁפְּרָאכִין, אִיךְ הָאבּ שׁוֹיְן פָּארְאוּיס גְזָאגְט אַייֶער זוּן׳ אַז אוּיבּ אִיד ווִילְט אַנְדֶערְשׁ נִיט אִיךְ זָאל אַייךְ עֶנְדֶערִין מוּז אִיךְ פַאר לָאזִין אַייֶער הוּיז, אִיךְ מוּז פוּן אַייךְ אַוֶועק גֵיין, אוּנ טְרָאגֶען מִיט זִיךְ אִין הַארְצֶען מַיינֶע אוּמְגְלִיקֶען, אוּנ דֶער מַאגֶען, ווִיא אִיךְ ווֶעל זַיין, אַייֶער גוּטְס, ווֶעלְכֶע אִיהר הָאט מִיט מִיר גִיטָאהן.

לִיבֶּע מַארֶאם! פֶערְצַייהֶעט מִיר, אוּיבּ וואוֹר מִיר אִיז פִּירַייכְט זַייֶער נֵייטֶעג צוּ ווִיסֶען אַייֶער גִישִׁיכְטֶע, זִיא הָאט מִיר פִילַייכְט גִקֶענְט עַנְדֶערֶען אַזוֹינְס ווָאס מִיר אִיז שְׁטַארְק נֵייטֶעג צוּא ווִיסֶען. נָאר ווֶען אִיר קֶענְט מִיר דָאס נִיט טָאן, ווֶען דָאס אִיז אַייךְ אַזוֹ שְׁטַארְק פַאר בָּאטִין, זָאלְט אִיר מִיר פֶערְצַייהֶען ווָאס אִיךְ הָאבּ אַייךְ אָן גִיטָאן עָגְמַת נֶפֶשׁ מִיט מַיינֶע רֵייד, אִיךְ ווֶעל אוּף ווַייטֶער זֶעהֶען נִיט קוּמֶען דֶער צוּא צוּא עֶרְצָארְעֶנֶען אַייךְ, נִיט פָארֶערִין פוּן אַייךְ מֶער. אִיךְ הָאף אַז מִיט דֶער צַייט אַז אִיר ווֶעט אוּנְז בֶּעסֶער עֶרְקֶענֶען, אִיר ווֶעט פַאר שְׁטֵיין אַז אִיךְ בִּין אַמֶענְטְשׁ, פַאר ווֶעלְכִין מֶען מֶעג זִיךְ פַאר טְרוֹיֶען, ווֶעט אִיר מִיר אַלֵיין אַלְץ עֶנְדֶערִין:

אַגִיטִין טָאג לִיבֶּע מַארַאם, אִיךְ בֶּעט אַייךְ זַייט רוּהִיג. זֵייא זֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט אִיהר אוּנ זֵייא גֵייעֶן זִיךְ פַאנַאנְדֶער׳ דִיא פְרוֹי ווָאלְפֶע נֶעמְט אִיהר שֶׁעכְטִיל אוּנ גֵייט אַוֶועק אִין אִיר צִימֶער, אוּנ פְרִיצֶערִין מִיט זַיינֶע קִינְדֶער זֶענִין אוּיךְ גִיגַאנְגֶען שְׁפַּאצִירִין, בִּכְדֵי אַרוֹיסְצוּשְׁלָאגֶען אַבִּיסֶל דִיא אוּמְרוּהִיגֶע גִידַאנְקֶען, ווֶעלְכֶע הָאבִּין זֵייא אַזוֹי צוּא רוּהֶערְט. זֵייא שְׁמוּעֶסִין אָפּ מֶער נִיט רֵיידִין ווֶעגִין דֶעם בִּיז דִיא צַייט ווֶעט אַלֵיין אַלְץ עֶנְדֶערִין.

# 4

יֶעצְט לִיבֶּער לֶעזֶער פַאר גֶעם אַבִּיסִיל דִיא טְרוּהֶעדִיגֶע לַאגֶע פוּן דֶער פְרוֹי וָואלְפֶע מִיט אִירֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע פַארְבְּרֶעגֶענְשׁ, וֶועלְכֶע עֶס גֶעלוּסְט זִיךְ דִיר גֶעווִיס גְלַייךְ מִיטִין בַּארָאן וִויקְטָארִין אוּנ קְלִימֶענְצִיעָן צוּ וִויסֶן, זַייא גִידוּלְדִיג, וָואלְפֶע אַלֵיין וֶועט דָאס אוּנְז עֶרְצֶעלִין; לָאמִיר זִיךְ אַבִּיסֶעל אוּמְקֶערִין צוּ וִויקְטָארִין, לָאמִיר זֶעהֶען וִויא הַאלְט עֶר מִיט זַיינֶע רַעֲיוֹנוֹת, אוּנ וָואס וֶועט זִיךְ מִיט אִים פַּאסִירִין:

וִויקְטָאר הָאט נִיט אַוֶועק גִילֵייגְט זַיין פְּלַאן עֶר הָאט פֶעסְט גִישְׁלָאסִין עֶנְדִיקֶען זַיין צִיעֶל, עֶר הָאט נַאיְין גִיט בֶּעטְרַאכְט אַז עֶר וֶועט קְלִימֶענְצִיעָן נִיט הֵייְרָאטִין עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ גִיט בֶּערֶעכִינְט אַז אִים אִיז זַייעֶהר גִיפֶערְלִיךְ דָא צוּ פַארְבְּלַאבִּין אַזוֹי וִויא מִיר הָאבִּין פְרִיהֶער גִישְׁמוּעֶסְט, אוֹיךְ הָאט עֶר שׁוֹין מֶער נִיט גִיטָארְט דֶער מַאנֶען דֶעם בַּארָאן וֶועגִין זַיין רַייזֶע, עֶר הָאט גִיווִיסְט אַז עֶר וֶועט אִים נִיט עֶרְלוֹיבִּין, דַארוּם אִיז בַּייא אִים גִיבְּלִיבִּין אִיבֶּער לָאזֶען צוּם בַּארָאן אַ בְּרִיף עֶר זָאל אִים עֶרְשְׁט קֶענֶען לֶעזִין, אַז וִויקְטָאר וֶועט שׁוֹין זַיין ווַייט פוּנִים שְׁלָאס. עֶר שְׁרַייבְּט אוֹיף צוּם בַּארָאן דִיזֶע וֶוערְטֶער:

... וָואהלְטֶעטִיגֶער אִין גִילִיבְּטֶער!

פִּיל טְרֶערֶען פַאר גִיס אִיךְ שְׁרַייבֶּענְדֶעג דֶעם בְּרִיף, נָאךְ מֶער אִיבֶּער דֶעם וָואס אִיךְ קֶען נִיט בַּייא מַיין שֵׁיידֶען זִיךְ מִיט דִיר, דִיךְ צוּא קוּוֶעטְשִׁין צוּא מַיין הַארְצֶען אוּנ צוּא קוּשֶׁען דַיינִי הֶענְט פוּן וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט מִיךְ אַזוֹ אֵיידִיל, אַזוֹ גֶעטְרַייא אַרְצַייגֶען אָ! פֶערְצַייהֶע מִיר מַיין גִינֶעדִיגֶער, אִיךְ קָאן זִיךְ מִיט דִיר נִיט זֶעהֶען, אִיךְ וֵויס דוּא

וועסט

וֶועכְט מִיךְ נִיט לָאזִין אַוֶועק גֶעהן , דוא וֶועסְט מִיךְ פַאר הַאלְטִין , מַיין פָאטֶער , מַיין הֶער ! מַאךְ מִיךְ נִיט שׁוּלְדִיג , בַּאשׁוּלְדִיג נִיט מַיינֶע גֶעפִיהלִין , ווָאס אִיךְ טוּא דִיר אָן שְׁמַארְצֶען מִיט מַיין אָפּ רַייזֶען , מִיט מַיין אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דַאנֶען . אִיךְ בִּין אוּמְשׁוּלְדֶעג מַיין הֶער ! אִיךְ בִּין גַאנְץ אוּמְשׁוּלְדֶעג אִיךְ טוּא דָאס נִיט פַאר שְׁלֶעכְטְס , נֵיין נֵיין ! עֶס אִיז נָאר אוֹיף מִיר אַגְזַר דִין . אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע לִיבְּשַׁאפְט . . . זַייט גִיזוּנְד אוּנ גְלִיקְלֶעךְ , טָאג אוּנ נַאכְט , וִויא אִיךְ וֶועל נָאר זַיין , וֶועסְטוּ אִין דַיין טָאכְטֶער פַאר גֶעסֶען מַיינֶע גִידַאנְקֶען דַיין זָאהן אוֹיף אֵייבִּיג וִויקְטָאר .

וִיקְטָאר רוּפְט צוּא זִיךְ זַיין דִינֶער וָואלֶיעְנְטִין ! זָאגְט עֶר צוּ אִים , אִיךְ וֵויס פוּן לַאנְג אָן דַיין עֶרְלִיכְקֵייט אוּנ גִיטְרַאיישַׁאפְט , וִויא אַזוֹ דוּא בִּיסְט צוּ גִיבוּנְדֶען צוּ מִיר , דַיין וַואהְרֶע לִיבְּשַׁאפְט צוּא מִיר . אִיךְ הָאבּ אַצוּגְר צוּ דִיר אַ גְרוֹיסֶע גֶעבֶּעט , דוּא קֶענְסְט מִיר יֶעצְט טָאן זָעהר אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה , מַיין לִיבֶּער וָואלֶיעְנְטִין : דוּא גֶעהְסְט אַלֶע נַאכְט אַרַיין צוּם בַּארָאן בִּשְׁעַת עֶר לֵייגְט זִיךְ שְׁלָאפֶען בֶּעט אִיךְ דִיךְ · פַאר דַיין אַרוּס גֶעהן פוּן אִים , אַז עֶר וֶועט שׁוֹין לִיגֶען אִין גִיבֶּעט , לֵייג אִים אַנִידֶער אָט דֶעם בְּרִיף אַזוֹ , אַז עֶר זָאל בִּיז מָארְגֶען פְרִיה אִיהם נִיט זֶעהֶען .

אָט דֶעם בְּרִיעף ? זָאגְט וָואלֶיעְנְטִין , אִיךְ בֶּעט אַייךְ מַיין הֶערר פַאר ווָאס ווִילְט אִיהר אִים אַלֵיין אִין הַיינְט נִיט אָפּ גֶעבִּין ?

ווָארוּם אִיךְ קֶען נִיט מַיין פְרַיינְט ,

אִיר קֶענְט אַלֵיין נִיט ? אַ , אִיךְ פַאר שְׁטֶעה שׁוֹין , אִיךְ וֵויס אַלְץ , מַיין הֶער , הָאט אַפָּנִים אִיר ווִילְט אַלֵיין הַיינְט בַּייא נַאכְט פוּן דַאנֶען אָפּ רַייזִין , אוּנ דָאס אִיז גִיווִיס אַגִיזֶעגִין בְּרִיף , אַ יָא , מַיין הֶערר ?

פון

פון וואנען ווייסטו דאס, וואַליענטין? ווער האט דיר דאס געזאגט —

קלימענציע האט דאס מיר געזאגט דיא גוטע קלימענציע, האט פאר אויס בעוואַרינט דיא זאך, זיא האט מיר אַלסדינג דער צעהלט, זיא האט מיר געהייסן אכטונג געבין אויף אייך, נאך קוקן נאך אלע אייערע טריט. טאמר וועט איר וועלן אַוועק געהן זאל איך איר דער פון באלד מודיע זיין.

סטייטש! קלימענציע האט דיר אלסדינג דער צעהלט, דוא ווייסט אלסדינג!

יא, איך ווייס פון אלעם, איך ווייס, אַז איר ליבט זיא אַז איר זענט איר ניט קיין ברודער, און איר קענט זיך ניט ריכטען צוא האבען זיא פאר אפרוי, דאריבער ווילט איר זיא איבר לאזען. און מיך אויך, מיין ליבער הערר!

און קלימענציע האט דיר גיקענט פאר טרויען אזא גרויסן סוד?

וואָרום זיא קען מיך ניט זיא ווייס. אז מע מעג מיר פאר טרויען זיא ווייס אַז איך בין אַ בעל סוד, זיא האט צוא מיר מעהר צוטרויען וויא איר, כיין הער.

ווייסטו שוין פון אלץ, וואַליענטין, קלימענציע האט דיר אלץ ענדעקט? זיא האט דיר געהייסען דוא זאלסט נאך קוקען מיינע טריט, און פון אלסדינג מודיע צו זיין, און דוא פאלגסט זיא דאס, ביסט גרייט צו טאן עפעס אקעגען מיין ווילין?

יא מיין הערר; איך בין דערויף גרייט: איך ווייס, אז דאס איז אייער טובה. איך ווייס ניט, וואס צווינגט אייך פון דאנען אַוועק צוא

געהן

געהן ? איר ליבט קלימענציען , זיא ליבט אייך אוך , איר וועט זיך געוויס פאר איינגין , דער העדר פריצערין האט אייך אזו שטארק ליב , ער וועט אייך ניט אפ זאגין דער פון , איך אוך וועל אים פאלען צוא דיא פים אונ וועל אים בעטען מיט גוויין , ער איז זייער א גוטהערציגער , ער וועט דאס אונז געוויס ניט פאר זאגין ,

וויקטאר ווערט זעהר גערירט פון דיא רייד , פון זיין גוטען וואלענטין . ער ערקלערט אים אבער , אז דאס איז אזא זאך וואס עס קען ניט זיין וואלענטין פרעגט אים פיל אפ , נאר צו ענדע , האט דער מדייער דינער ניט גיקענט ווערען זיך אקעגין זיין העדר , ער האט גימוזט זיך פארגלאכען מיט אים אין זיין מיינונג , דיא רייד פון זיין העדר האבען אזו אויף אים שטארק געוועקט , אז ער האט אים ביי זיך אליין אוך גערעכט גמאכט ער האט שוין אויך גלייך מיט וויקטארען געפיהלט אז עס קען אנדערש ניט זיין , אז וויקטאר איז געבעך גענייט אוועק צוא געהן פון דאנען . וואלענטין האט אבער ניט גקענט צוא זיך קומען פון דעם גדאנק וואס ער וועט זיך שיידען מיט וויקטארען , עס האט זיך אים גדאכט אז ער וועט אהן זיין העדר גאר ניט קענען לעבען , איך וועל שטארבען זארגענדעק נאך אים (האט ער גטראכט) איך קען זיך מיט אים ניט שיידען , איך וועל דא אהן אים ניט בלייבען . ניין ! איך וועל מיט אים אוועק געהן וואהין ער וועט געהן , דער צוא קען איך אים גאר אליין ניט לאזען , וויא אזו וועט ער נעבעך אין ווע זיין איינער אליין אהן באדינונג , אהן הילף , אהן טרייסטונג , ווער וועט אים טרייסטען אין זיין קומער ? ווער וועט מיט אים טייהרען ויינע זארגען . א , מיין ליבער העדר . מיין טהייערער וויקטאר (זאגט ער צוא זיך אליין) איך וועל מיט דיר אייך געהען , איך וועל געהן אפילו וען דוא וועסט דאס ניט וועלען ליידען . . ער רעדט מיט וויקטארען דער

ווייכע

ווײַלע װעגען דעם גאָר נישט · וויקטאָר בעשװערט אים אַז ער זאָל פֿאַר קלימענציע דאס מינשטע ניט דאכטען , ער האט פֿריהער געװאָלט צו קלימענציען אויף איבער לאָזען אַנעזעגען בריף , נאָר דער נאָך אָבער האט ער דאס געפונען ניט פֿאר גייטיג , וויקטאר האט זיך אוף אַזא אויפֿען פּאַרטעיג געמאַכט , נאָך בײַא דער נאַכט צו מאַכען זיין רייזע .

ער איז יענעם טאָג געװען זעהער אומרוהיג , כאָטשי ער האט זיך געשטארקט אַז קיינער זאל דאס ניט מערקען . ער זעהט דעם באַראָן , ער זעהט קלימענציען , עס שטעלען זיך אים טרערען אין דיא אויגען ער דער מאַנט זיך , אַז עס זיין דעם לעצטען טאָג זעהט ער זייא . אונ פֿילײַכט דעם לעצטען מאָל אין זיין לעבען , עס פֿאַר קלעמט אים זעהר דאס האַרץ · אים גלוסט זיך װײנען ער האלט זיך אָבער איין , ער מאַכט זיך קלאָמערשט פֿרעהליך ער פֿאַר לייקענט זיין זארג , אויף אויף דער פֿרויא וואָלפֿע מיט איהר קינד קוקט ער מיט גרויס זאָרג . ער קוקט אַרום אַלע ווינקעלעך פֿון דיא צימערען אַלע געביאָן פֿון דעם שלאָס , גלייך ער געזעגענט זיך מיט אַלע זאַכען · · דאס האַרץ צו גייט אין אים אַז ער דער מאַנט זיך , וויא אַזוי ער דאַרף זיך שיידען מיט דעם אָרט אין װעלכען ער האט פֿאַר בראַכט גליקליך זיינע יונגע יאָרען , שיידען זיך מיט דיא , וועלכע זענען צוא געשמידט צוא זיין האַרצען , אַזו וויא מיט אַײזערנע קייטען · · אונ אין דעם שטאַנד האָט ער פֿאַר בראַכט דעם גאַנצען טאָג .

וויא עס איז נאַכט געוואָרען הייסט ער וואַלענטינען צוא נויף לייגין זיין רייזע זאַק , וואַלענטען פֿאַר נעמט זיך דער מיט , וויקטאָר דער זעהט , אַז וואַלענטין לייגט צוא נויף עפּעס נאָך אַזעקיל , ער פֿרעגט אים װעמעס זאַק לייגסטו נאָך צוא נויף ? דאס איז מײַנער , זאָגט

וָואַלֶענְטִין — וָואס לֵייגְסְטוּ עֶפֶּעס צוּא נוֹיף דִיר אַ רֵייזֶע זַאק, סַיידִין דוּ דַארְפְסְט אוֹיךְ עֶרְגֶעץ פָארִין? גִיוִויס דַארְף אִיךְ אוֹיךְ אַוֶועק רַייזֶען. — וָואהִין וֶועסְטוּ רַייזִין?

—וָואהִין מַיין הֶער וֶועט רַייזֶען וֶועל אִיךְ אוֹיךְ רַייזִין: אוּנ אִיר מַיין הֶערְר! הָאט גִימֵיינְט, אַז אִיךְ וֶועל דָא בְּלַייבֶּען, דָא אָן אַייךְ וֶועל אִיךְ בְּרַייבֶּען? אוּנ אַייךְ וֶועל אִיךְ לָאזֶען גֶעהָן אֵיינֶעם אַלֵיין? נֵיין, מַיין הֶערְר וֶוען אִיר הָאט דָאס גָאר אַזוֹ גִישְׁרַאבְּט, קֶענְט אִיר נָאךְ מִיךְ נִיט. אִיר פַאר שְׁטֶעהְט נִיט, וִויא שְׁטַארְק אִיר הָאט מִיךְ מִיט אַייעֶר גִיטְהַארְצִיגְקַייט צוּ זִיךְ צוּ גִיבּוּנְדֶען.

וִויקְטָאר הָאט זִיךְ זֵייעֶר פַאר וואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיין גוּטִין וָואלֶיעֶנְטֶען, עֶר זָאגְט אָבֶּער צוּ אִים: מַיין טְרַייעֶר וָואלֶיעֶנְטִין! אוּנ בַּייא דִיר אִיז רֶעכְט מִיט מִיר צוּ רַייזֶען! מִיט מִיר, אַזַא אָרִימֶען מֶענְטְשֶׁען, וָואס הָאט קֵיינֶעם נִישְׁט אִין דֶער וֶועלְט אוּנ הָאט גָאר נִישְׁט אוֹיף דֶער וֶועלְט קַיין וֶוערְט אוּנ קַיין פַאר מֶעגִין, קַיין פָאטֶער קַיין בְּרוּדֶער, קַיין קָרוֹב קַיין גוֹאֵל, אוֹיךְ קַיין בִּיקֶענְטְשַׁאפְט. אוֹיסֶער דֶעם גוּטֶען פְרִיצֶערִין מַיין אָן גִירוּפֶענֶעם פָאטֶער, הָאבּ אִיךְ אוֹף דֶער וֶועלְט קַיין שְׁטִיצֶער, אוּנ פוּן אִים קֶען אִיךְ נִישְׁט בֶּעטֶען, עֶר טָאר נִיט וִויסֶען פוּן מַיין אַוֶועק-גֶעהֶען, אִיךְ אַנְטְלוֹיף פוּן אִים אָהן זַיין רְשׁוּת, אָהן זַיין וִוילֶען. אַלֵיין טָאר אִיךְ פְּשִׁיטָא זַיינְס נִיט נֶעמֶען, עֶר הָאט מִיר גִינוּג גִיגֶעבֶּען, גִינוּג הָאט עֶר מִיר גִיטָאן, אִיךְ וֶועל אִין מַיין לֶעבִּין נִיט פַאר מֶעגְלִיךְ זַיין אוֹיס צָאלֶען אִים וָואס אִיךְ בִּין אִים שׁוּלְדִיג, מֶער אַז פוּן בֶּעטִיל בְּרוֹיט וֶועל אִיךְ זִיךְ נִיט קֶענֶען עֶרְנֶעהְרִין, מַיין טְרַייעֶר וָואלֶיעֶנְטִין, הַיינְט וָואס וֶועסְטוּ מִיט מִיר רַייזִין? זַיי גֶעזוּנְט מַיין טַייעֶרער, זַייא גְרֵיקְלֶעךְ. פַאר גֶעס אָן מִיר, וֶועלְכֶער אִיז פוּן אַ שְׁטֵיין גִיבָּארֶען ... עֶר הֵייבְּט

אוֹף

אוף זַיין קול אונ וויינט זעהער שטארק, וואַלֶענטין ווײנט אויך. ניין ניין! מיין העדר זאגט ער, איך וועט דאס ביא מיר ניט פויעלין, עס איז אומזיסט, איך וועל מיט אייך געהן. איר זאגט, איר האט קיינעם ניט אונ גאר נישט אויף דער וועלט, איר האט דרינן א טעות, איר האט א ברודער, איר האט אזעלכין, וועלכער איז אייך פיל טרייער פון א ברודער, צוואר בין איך אייער דינער, דאך אבער קענט איר אין מיר אלע מאל געפינען אויך א ברודער, איך וועל נאך אייך אומעטום נאך געהן, סייא צום גליק אונ סייא צום אומגליק חלילה, סיידין נאר דער טויט וועט אונז צו שיידין, אהן קיין געלט זענען מיר אויך ניט, קוקט נאר אהער, מיין הער, זעהט, מיר האבין אהיבש פאר מעגין, עס וועט זיין גינוג פאר אונז צום ווייטגעסטין אוף א צייט, איך האב ניט וועמען איבער צו לאזען מיין פאר מעגין, וועלכען איך האב אין דער צייט פון מיין זיין דא צו נויף גקליבען, איר ווייסט, מיין העדר, אז דער גיטער פירצערען צאלט מיר אהיבש יאהר געהאלט, דאס איז מיינס, מיר וועלען פאר שפארין געמען פרעמדס, זייט רוהיג. מיר וועלען ניט דארפען בעטלען.

וויקטאר ווארפט זיך וואלענטינען אופין האלז, ער קישט אים, ער קוועטשט אים זעהר שטארק צו צום הארצען. א, ליבער וואלענטינען! איך בעט דיך, רוף מיך ניט קיין האר, רוף מיך ברודער, א, איך בין ניט אליין! איך האב א ברודער אך וויא גליקליך בין איך, מיין טרייער ברודער וואלענטין, מיר וועלען געהן צו זאמען. מיר וועלען זיך אייביג ניט צווא שיידען דו וועסט מיך ניט פאר לאזען, דווא וועסט מיר אויך זיין — א פאטער.

זייא ווײנען צו זאמען אונ טרייסטען זיך, זייא גרייטען זיך צווא מיט אלימען

אַלִימֶען צו דֶער רַייזֶע , וָואלִיעֶנְטִין גֶעהֶט אַוֶועק צוּם בַּארָאן דֶעם בְּרִיף אַנִידֶער צו לֵייגֶען , עֶר פַאר זָאמְט זִיךְ דָארְטֶען זֶעהְר לַאנְג .

—וָואס הָאסְטוּ זִיךְ אַזוֹי גְזָאמְט ? זָאגְט צו אִים וִויקְטָאר , אַז עֶר אִיז צו רִיק גִיקוּמֶען ,

—אִיהר וֵוייסְט דָאךְ אַייעֶר עֶרְצִיהֶער דֶעם בַּארָאן . אִיר וֵוייסְט זַיין גוּטְסְקַייט צו יֶעדִין מֶענְטשֶׁן אוּנ אוּךְ צוּ מִיר , אִיר וֵוייסְט אַז עֶר הָאט מִיט מִיר לִיבּ אָפְּט צוּ פַאר בְּרֵיינְגֶען צווא שְׁפְּרֶעכֶען וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען , אִיר וֵוייסְט , אַז עֶר רֶעדְט אוּיךְ פַאר מִיר אָפְּט אוּיס זַיין הַארְץ ; עֶר הָאט מִיט מִיר יֶעצְט אוּיךְ גְשְׁפְּרָאכֶען אוּנ גְרַאדֶע פוּן אַייךְ , לִיבֶּער וִויקְטָאר .

—פוּן מִיר הָאט עֶר מִיט דִיר גִירֶעט , וִוילִיעֶנְטֶען , דֶערְצֶעהְל מִיר , דֶערְצֶעהְל , מַיין בְּרוּדֶער , אִיךְ גַאר הֶערִין זַיינֶע צִימְלִיכֶע וֶוערְטֶער , זַיינֶע זִיסֶע רֵייד . עֶר הָאט נֶעווִים קַיין שְׁלֶעכְטְס פוּן מִיר נִיט גִירֶעט , אַ לִיבֶּער בַּארָאן , עֶרְצִיהֶער מַיינֶער , טְרַייעֶר פָאטֶער , דֶערְצֶעהְל מִיר וָואלִיעֶנְטִין פַאר לֵייקִין נִיט פוּן מִיר קַיין וָוארְט אִיךְ בַּאשְׁוֶוער דִיךְ .

—אָפְּט הָאט עֶר לִיבּ מִיט מִיר צוּ רֵיידֶען , וֶועגֶען מַיין פָאטֶער לַאנְד , וֶועגֶען פְרֵיינְקְרֵייךְ אִין וֶועלְכִין לַאנְד אִיךְ הָאבּ מַיינִי יוּנְגֶע יָארִין פַארְבְּרַאכְט , עֶר הָאט לִיבּ צוּ רֵיידֶען וֶועגֶען פַּארִיזְשׁ , עֶר זָאגְט צוּ מִיר , דֵיין הֶער , אִיז אוּיךְ גִיבָּארֶען פוּן אַ פְרַאנְצוֹזִין , זַיין סוּטֶער אִיז גִיוֶועןְ אַ פְרַאנְצוֹזִין , הֶערְסְטוּ וָואלִינְטִיעֶן , אַז דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען וָואס פַאר אַשְׁטַארְקֶען אַיינְדְרוּק עֶס הָאט גִימַאכְט אוּיף מִיר וִויקְטָארְס קִינְדְהַייט ? אַז דוּא וָואלְסְט ווִיסֶען דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סִיבּוֹת , וָואס עֶס הָאט זִיךְ מִיר דֶעמָאלְט גֶעטְרָאפֶען ! וֶועלְכֶע אוּמְגְלִיקֶען , אוּיךְ דֶעם קְלֵיינֶעם וִויקְטָארֶען , אִין וֶועלְכֶע גְפַאהְרִין עֶר אִיז דֶעמָאלְט גִיוֶועןְ , אִיךְ וֵוייס דָאס אַלֵיין נִיט אִין גַאנְצֶען , . . . , עֶר הֵייבְּט דֶער בַּייא אוּיף דִיא אוּיגֶן צוּם הִימֶל אוּנ זָאגְט וַויטֶער . אָךְ

הֶעלְף מִיר לִיבֶּער גָאט , בַּאגְלִיק מִיךְ מִיט דֶעם , וָואס אִיךְ בֶּעגֶער. מִיט דֶעם וָואס אִיךְ גְלוּסְט אַזוֹי שְׁטַארְק . . . אָ קַיין גְרֶעסֶערִין גְלִיק וָואלְט אִיךְ גָאר נִיט גְוָואלְט . אִיךְ וָואלְט דֶעמָאלְט גֶעקָאנְט זֵייעֶר רוּהִיג שְׁטַארְבֶּען . אַךְ וָואלְיֶענְטִין , וָואלְיֶענְטִין , וָואס פַאר אַגְלִיק דָאס וָואלְט גִיוֶוען , וִויא גְלִיקְלֶעךְ אִיז יֶענֶער דֶער וָואס וֶועט וִויקְטָארֶען זַיין אֵיידִים אָן רוּפֶען ! אַךְ וִויקְטָאר . וָואס פַאר אַפַאר גִינוּגֶען דוּא טוּסְט מִיר אָן אָבֶּער אוֹיךְ גְרוֹסִי שְׁמֶערְצֶן , אִיךְ בֶּעט דִיךְ מַיין גוּטֶער וָואלְיֶענְטִין , זָאלְסְט אִים גִיטְרַייא בַּאדִינֶען . אִיךְ בֶּעט דִיךְ דָאס אַלֶע מָאל , גֶעה וָואלְיֶענְטִין צוּ אִים , גֶעה צוּ וִויקְטָארִין , פִילַייכְט אִיז אִים אוּמֶעטִיג אַלֵיין צוּ זַיין , אִיךְ הָאבּ דִיךְ לַאנְג דָא פַאר הַאלְטֶען , גֶעה צוּ אִים , הִיט אִים אָפּ אַז עֶס זָאל אִיהם דָאס מִינְדֶסְטֶע נִיט פֶעלִין , אִיךְ הָאבּ זִיךְ מִיט אִים גִיזֶעגִינְט , אוּנ בִּין אַוֶועק גְגַאנְגֶען .

—אוּנ דֶעם בְּרִיעף ?

—דֶעם בְּרִיף הָאבּ אִיךְ בַּייא אִים אִיבֶּער גְלָאזְט , אִיךְ הָאבּ אִים אַנִידֶער גְלֵייגְט בַּייא אִים אִין קַאבִּנֶיעט . אַלֶע אִין דֶער פְרִיא וִויא עֶר שְׁטֶעהְט אוֹיף גֶעהְט עֶר בַּאלְד אַרַיין אִין קַאבִּינֶיעט וֶועט עֶר אִים בַּאלְד גֶפִינֶען . נָאר מַיין לִיבֶּער הֶערְר . וָואס בַּטַייטֶען דִיא וֶוערְטֶער וָואס עֶר הָאט מִיר גִיזָאגְט וָואס פַאר אַגְלִיק וִוינְשְׁט עֶר עֶרְוַוארְטֶען פוּן אַייךְ אוֹיךְ אִיז אַוואוּנְדֶער . עֶר זָאגְט . וִויא גְלִיקְלֶעךְ אִיז יֶענֶער וָואס וֶועט אַייךְ הָאבֶּען פַאר אַיין אֵיידִים דַאכְט זִיךְ , דָאס אִיז אִין זַיין הַאנְט עֶר , קֶען דָאךְ אַייךְ חֲתוּנָה מַאכֶען כִּיט זַיין טָאכְטֶער , אִיךְ פַאר שְׁטֶעה דָאס נִיט .

פַאר שְׁטֵייסְטוּ שׁוֹין וָואלְיֶענְטֶען אַז עֶר טְרַאכְט דָאס נִיט טָאן , פַאר שְׁטֵייסְטוּ שׁוֹין אַז עֶר הָאט עֶפֶּעס אַגִיוִויסֶע מְנִיעָה , אִים טוּט בַּאנְק נָאר עֶר קֶען נִיט עֶר קֶען דָאס נִיט טָאן . אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערְוִויף כְּלַל נִיט

וואס

וָואס צוא רֶעבְּטֶען . לָאמִיר גֶעהֶן וָואלֶיֶענְטִיֶען עֶס אִיז שׁוין שְׁפֶּעט , נָאר מִיר זָאלֶן נִיט גָעהֶן בֵּיידֶע מִיט אַמָאל , עֶס זָאל נִיט זַיין קֶענְטְלִיך . מִיר וֶועלֶען אַרוֹיס דוּרְך דֶעם הִינְטֶער טִירִיל , אִיך וֶועל פְרִיעֶר אַוֶועק גֶעהֶן אוּנ אִין פֶעלְד וֶועל אִיך אוֹיף דִיר וַוארְטֶען , אֶקֶעגֶען קְלִימֶענְצִיֶעס צִימֶער , בִּיז דוּא וֶועסְט צוּ מִיר אַרוֹיס קוּמֶען .

זַייא טוֶען אַזוֹי .,. דִיא נַאכְט אִיז גְוֶוען פִינְצְטֶער , דֶער הִימֶעל פַאר וָואלְקִינְט עֶס הָאט אַבִּיסֶעל גִידוּנֶערְט עֶס אִיז גְוֶוען אַזוֹי פִינְצְטֶער אַז מֶע הָאט גָאר נִישְׁט גְזֶעהֶן פַאר זִיךְ , דֶער בְּלִיץ הָאט בַּלוֹיכְטֶען דֶעם גֶעגֶענְד , עֶס הָאט אוּם גְוִויזֶען , אַז עֶס וֶועט זִיךְ אִין גֶעבֶּען לָאזֶען גִיסֶען אַ רֶעגֶען . וִויקְטָארֶען הָאט דָאס נִיט גִישְׁטֶערְט פוּן זַיין צִיעֶל , עֶס הָאט אִים נִיט אָפּ גְהַאלְטֶען פוּן צוּא לָאזֶען זִיךְ אַוֶועק גֶעהֶן , עֶר וֵויס אַלֵיין נִיט וָואהִין , עֶר הָאט זִיךְ גִישְׁטַארְקְט אוּנ אִיז גְלַייך אַוֶועק גְגַאנְגֶען צוּם הִינְטֶער טִירִיל , אוּנ גֶעהֶט אַרוֹיס פוּן שְׁלָאס . נָאר אֵיידֶער עֶר אִיז נָאךְ דֶער גַאנְגֶען צוּם אָרְט וִויא עֶר הָאט גְדַארְפְט וַוארְטֶען אוֹיף וָואלֶיֶענְטִינֶען , הָאט אַשַׁיין גִיטָאן אַבְּלִיץ , וִויקְטָאר דֶער זֶעהֶט פַאר זִיךְ , נִיט מֶער אַז אִין צֶעהֶען טְרִיט , אַהוֹיכִין מֶענְטְשֶׁען אַרוּם גְהַאנְגֶען מִיט גֶעוֶועהר , עֶר דֶער שְׁרֶעקְט זִיךְ זֶעהְר , וָואס קֶען דָאס זַיין ? טְרַאכְט עֶר זִיךְ אַיין אָנְגִיגוּרְטֶער מֶענְטְשׁ אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט אִין אַזַא פִינְצְטֶערְנֶעשׁ בַּיים שְׁלָאס ! אוּנ פִירַייכְט אִיז עֶר נָאךְ נִיט אַלֵיין !. פִירַייכְט אִיז מִיט אִים דָא אַגַאנְצֶע שַׁייקֶע מִיט רוֹיבֶּער ! וִויקְטָאר הָאט גְפִיהְלְט אִין וָואס פַאר אַ גִיפַאהר עֶר אִיז , עֶר קֶערְט זִיךְ אוּם אִין וִויל זִיךְ וָואס צוּם גֶעכְסְטֶען דֶער וַוייטֶערֶען פוּן דֶעם אוּמְבֶּעקַאנְטֶען , עֶר הֵייבְּט אָן צוּ לוֹיפֶען , עֶר הֶערְט אָבֶּער , אַז יֶענֶער לוֹיפְט אִים נָאךְ , עֶר לוֹיפְט שְׁטַארְקֶער , דֶער אוּמְוִויסִינְדִיקֶער שְׁרַייט וַוארְט ! נִיט אַנְטְלוֹיף ,

אנטלויפסטו

אַנְטְלוֹיפְסְטוּ שִׁים אִיךְ דִיךְ בַּאם שַׁיין פוּן בְּלַיין . ווַארְט , אִיךְ דַארְף דִיךְ עֶפִּים פְרֶעגִין , אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר עֶפִּים נֵייטִיג צוּ רֵיידִין , ווַארְט , אוּנ אַז נִיט וֶוערְסְט–דוּא גֶעטוּיט . וִויקְטָארְעז שְׁטֶעֶן זִיךְ דִיא הָאר קַאפּוּיר , דִיא פִּים בֵּייגֶען זִיךְ אִים אוּנְטֶער , עֶס טְרֶעט אִים אַרוּים אַקַאלְטֶער שְׁווֵייס אוֹיפֶען גַאנְצֶן לַייבּ , עֶר פַאר שְׁטֶעהְט , אַז זַיין אַנְטְלוֹפֶען מַאכְט אִים נָאךְ מֶעהֶר גִיפַאהר , עֶר גְפִינְט פַאר בֶּעסֶער אַנִידֶער צוּ שְׁטֶעלֶען זִיךְ , טָאמֶער אִיז דֶער מֶערְדֶער אֵיינֶער אַלֵיין וֶועט עֶר זִיךְ אַקֶעגִן אִים קֶענֶען וֶוערֶען אוּנ פִילַייכְט אִיז דָאם גָאר נִיט קַיין מֶערְדֶער עֶר זָאגְט דָאךְ אַז עֶר דַארְף אִים נָאר עֶפֶּעס פְרֶעגֶען . עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ אַנִידֶער אוּנ זָאגְט , וָואס דַארְפְסְטוּ ? וֶוער בִּיסְטוּ ? וָואס טוּסְטוּ דָא אִין דֶער פִינְצְטֶערְנִישׁ פוּן דֶיזֶר נַאכְט .

צוּ בִּיסְטוּ נִיט פוּן דֶעם שְׁלָאם ?

—יָא אִיךְ בִּין פוּן דַאנֶען .

צוּ קֶענְסְטוּ נִיט דֶער לַאנְגֶען דֶעם בַּארָאן פְרִיצֶערֶען זֶועהֶער אַנֵייטִיגֶען בְּרִיף , —

—זֶועהֶער אַנֵייטִיגֶען בְּרִיף ?

—יָא זֶועהֶר אַנֵייטִיגֶען ,

—פַאר וָואס זְשֶׁע ווִילְסְטוּ אִים אַלֵיין נִיט דֶערְלַאנְגֶען דֶעם בְּרִיף ?

—אִיךְ טָאר נִיט , אִיךְ קָאן אִין דֶעם שְׁלָאם נִיט זַיין .

—פוּן וֶועמֶען אִיז דָאם אוּנ וָואס אִיז פַאר אַזַא נֵייטִיגֶער בְּרִיף ?

—דָאם אִיז אַ סוֹד , דָאם שִׁיקְט אַ מֶענְטְשׁ זֵייעֶר אַנֵייטִיגֶען בְּרִיף

דער

דֶער בְּרִיף גֶעהְט דֶעם בַּארָאן אִין לֶעבֶּען,

—אִין לֶעבִּין גֶעהֶט דָאס אִים.

—יָא, עֶס גֶעהֶט אִים אִין לֶעבִּין, ווֶען עֶר וֶועט נִיט עֶרְהַאלְטֶען דֶעם בְּרִיף, קֶען עֶר אוּמְקוּמֶען, דֶער בְּרִיף וֶועט אִים רֶעטֶען פוּן טוֹיט,

—אַזוֹי! דֶער בַּארָאן אִיז אִין סַכָּנוֹת! אַי וַויי, זַיין לֶעבֶּן אִיז אִין גִיפַאהר. וְויא אַזוֹי קֶען דָאס זַיין? וֶוער קֶען זִיךְ אוּנְטֶער שְׁטֶעלֶען דֶעם בַּארָאן פְּרִיצֶערֶן עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטְס, צוּ טָאן, אַוֶועק נֶעמֶען אִים זַיין לֶעבֶּן. וֶוער אִיז דָאס? פוּן וֶועמֶען אִיז דֶער בְּרִיף?

דֶעם בְּרִיף שְׁרַייבְּט אִים אַגְרוֹיסֶער מַאן, אַמֶענְטְשׁ, וֶועלְכֶער הָאט צוּא שַׁאפֶען, אַזַא מֶענְטְשׁ, פַאר, וֶועלְכֶען מֶען מוּז זִיךְ פָארְכְטֶען, דֶער בַּארָאן וֶועט מוּזֶען טָאן דָאס, וָואס מֶע פָארֶערְט פוּן אִים אִין דֶעם בְּרִיף, אוּנ אַז נִיט אִיז עֶר פַארְבַייא, בִּיסְט אִים אַגוּטֶער פְרַיינְד נֶעם זְשֶׁע דֶעם בְּרִיף אוּנ טְרָאג אִים אַוֶועק, גִיבּ אִים אָפּ צוּם וַויינִיגְסְטֶען אִין דֶער פְרִיה, אַז עֶר וֶועט אוֹיף שְׁטֶעהֶען, אִיךְ קֶען דָא לַאנְג נִיט זַאמֶען'

—דֶער פְּרֶעמְדֶער, אִיז אַוֶועק גֶגַאנְגֶען, וִויקְטָאר אִיז גִיבְּלִיבֶּן אַזוֹי וְויא פַאר שְׁטֵיינֶערְט, גָאט מַיין גָאט! הָאט עֶר גִיזָאגְט, דָאס אִיז עֶפֶּעס שְׁרֶעקְלִיךְ, דָאס אִיז מוֹרָאדִיק. וָואס—הֵייסְט דָאס, וָואס בַּאטַייט דָאס, דֶעם בַּארָאן אַ בְּרִיף פוּן אַ מֶענְטְשֶׁען וָואס מֶען מוּז זִיךְ פַאר אִים פָארְכְטֶען, מֶע בְּרֵיינְגְט דֶעם בַּארָאן אַבְּרִיף אִין מִיטִין דֶער נַאכְט, דֶער שְׁלִיחַ טָאר נִיט אַרַיין אִין שְׁלָאס, עֶר זִיכְט מִיט וֶועמֶען דֶעם בְּרִיף צוּא אִים אַרַיין שִׁיקֶען, דֶער בְּרִיף גִיט דֶעם בַּארָאן, מַיין

עֶרְצִיהֶער , אִין לֶעבִּין , דֶער בַּארָאן אִיז אִין סַכָּנוֹת ! אָ גָאט , אוּנ אִיךְ וִויל פוּן אִים אַוֶועק גֶעהֶן , אִיךְ וִויל אַוֶועק גֶעהֶן פוּן אִים אִין דֶער צַייט , אִין וֶועלְכֶער אִיךְ קֶען אִים זַיין פִּילַייכְט צוּ הִילְף , נֵיין , זָאגְט עֶר , אִיךְ מוּז זִיךְ אוּם קֶערֶן אִיךְ קֶען נִיט גֶעהֶן , אִיךְ קֶען אִין דֶער צַייט נִיט אַוֶועק גֶעהֶן . וִויקְטָאר קֶערְט זִיךְ אוּם , עֶר גֶעהְט אַוֶועק גִישְׁוִוינְד צוּם טִירִיל , פוּן וַואנֶען עֶר אִיז אַרוּיס , עֶר גֵייט אַרַיין , עֶר בַּאגֶעגִינְט אֵיינֶם לוֹיפִין אַקֶעגֶען אִים , וֶוער אִיז דָאס ? פְרֶעגְט עֶר .—דָאס בִּין אִיךְ , וָואלֶיעֶנְטִין , אַייעֶר דִינֶער .—וָואס מַיְינְשְׁט לוֹיפְסְטוּ אַזוֹי שְׁטַארְק ?— אִיךְ לוֹיף צוּ אִים , אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶער שְׁרָאקֶען , אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וַוייט פוּן פֶענְצְטֶער אַייעֶר קוֹל רֵיידִין מִיט אֵיינֶעם וֶועלְכֶער הָאט גִיקְלָאפְּט מִיט זַיין גִיוֶוער , אִיר הָאט אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן , אָי וֵויי . אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִיפָּארְכְט פִילַייכְט זֶענְט אִיר אִין גִיפַאהר , אִיךְ לוֹיף גִישְׁוִוינְד הֶעלְפֶען אַייךְ , וֶוערִין זִיךְ אַנְטְקֶעגֶען דֶעם מֶערְדֶער , וָואס גֶעהְט אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט מִיט גִיוֶוער אַרוּם דֶעם עֶרְלֶעכֶען אוּנ שְׁטִילֶען וואהנוּנְג פוּן דֶעם גוּטֶען אוּנ גִינֶעדִיגֶען בַּארָאן פְרִיצֶערִין , אִיךְ לוֹיף גִישְׁוִוינְד אִיךְ זָאל נִיט פַאר שְׁפֶּעטִיגֶען , גְלוֹיבְט אִיז גָאט אַז אִיר זֶענְט דָא , דֶער צֵיילְט מִיר , מַיין הֶערְר וָואס בֶּעטַייט עֶס ? וֶוער אִיז גִיוֶועזֶען דֶער מֶענְטְשׁ ? וָואס הָאט עֶר דָא גִיטָאן ?

—קֶער זִיךְ אוּם וָואלֶיעֶנְטִין מִיר וֶועלֶען שׁוֹין נִיט גֶעהֶן , מִיר בְּלַייבֶּען שׁוֹין הִיגֶע ,

—וָואס זָאגְט אִיר , מַיין הֶערְר ? . גִילוֹיבְט אִיז גָאט , וָואס אִיז עֶס אַזוֹינְס ? עֶס אִיז עֶפֶּעס דָא נַייעֶס , אַזֶעלְכֶע נַייעֶס , וָואס קֶער זִיךְ אָן מִיט אַייךְ ?

—עֶס אִיז נַייעֶס , אַז מִיר מוּזֶען אָפְּלַייגֶען אוּנְזֶער רַייזֶע ,

אפלייגען

—אָפּלייגען ! אָבער מיר װעלען מאָקי געהן ?

—יאָ מיר װעלען געהן נאָר ניט אצונד , יעצט מוזען מיר דאָ בלײַבּין , עפּעס האט איינער גבּראבט אבּריף צוא מיין פּאָטער , אבּריף װעלכער געהט אים אונ לעבּין , עפּעס פאָרערט מען פון אים אונ מע סטראשעט אים מיטען טויט , אז ער װעט דאס ניט טאָן , מען מוז װיסען װאס דאס איז אזוינס מיר מוזען דאָ בּלײַבען ביז עס װעט פאר בּײַא געהן דער גיפאהר אין װעלכען דער בּאראָן איז ,

—אך ! עס נעמט מיך אזש אָן אשרעק , װאס קען דאס אזוינס זיין ,

—נאָר װאס טוט מען ? װיא אזוי אָבער באקומט מען צוא ריק מיין בּריף פון דעם בּאראָנס קאבּינעט , ער זאָל אים ניט דער זעהען באלד װיא ער װעט אויף שטעהן ?

—זייט רוהיג מיין הערר איך װעל זיך ניט לייגען שלאָפען , איך װעל זיצען אונ הארען ביז עס װעט װערין טאג װעל איך אריין געהן צום בּאראָן אין גאבּינעט אונ װעל צוא נעמען דעם בּריף , יער װעט דאס מינסטע ניט װיסען ,

—איך װעל אויך זיצען מיר װעלען ביידע פאר בּריינגען מיר זאָלען ניט אנשלאָפען װערין ,

—איר װעט זיך לייגען שלאָפען מיין הערר , איך װעל אליין זיצען , נישט קשה , איך װעל ניט שלאָפען , פארכט אייך ניט .

—איך װעל דיך פאלגען , נאָר זעהזשע ניט לייג זיך אויך שלאָפען װארום מיר העגען האָבען דעם גוטען פּסק אז מיר װערין פאר שלאָפען דיא צייט . אונ דער בּאראָן װעט אופשטעהן אונ װעט דער זעהן דעם

בריף

בְּרִיף, דוּא פַאר שְׁטֵייסְט, וָואלֶיְענְטִיעֶן, וָואס פַאר אַרָעה דוּא קֶענְסְט מִיר דֶער מִיט מָאן.

—נֵיין נֵיין, זַייט רוּהִיג, אִיךְ וֶועל זִיךְ נִיט לֵייגְען, לֵייגְט אַייךְ אוּנ שְׁלָאפְט, אִיר זֶענְט מִיד. אִין דִיא דֵייר זַאגֶען זֵייא אָן גְקוּמֶען אִין זֵייעֶר צִימֶער, ווִיקְטָאר לֵייגְט זִיךְ אוּנ ווֶערְט אִין גֶעכִין אַנְשְׁלָאפֶען, וָואלֶיְענְטִין הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט אִין קְרֶעסְלֶע, עֶר אִיז אַזוֹי לַאנְג גֶזֶעסֶען בִּיז דֶער שְׁלָאף הָאט אִים גוֹבֵר גִיוֶוען, עֶר אִיז אוֹיךְ זִיצֶענְדִיג אָן גִישְׁפַּארְט גַאנְץ שְׁטַארְק אַנְשְׁלָאפֶען גְוָוארֶען, אוּנ הָאבֶען גַאנְץ לַאנְג זֶעהֶער גִישְׁמַאק גִישְׁלָאפֶען. לָאמִיר זֵייא לָאזֶען שְׁלָאפֶן אוּנ לָאמִיר זֶעהֶען וָואס טוּט זִיךְ מִיטֶען בַּארָאן אוּנ קְלִימֶענְצִיעֶן.

## 5.

דֶער הֶערְר פְּרִיצֶערִין שְׁטֵייט אוֹיף ווִיא גִיוֶועהנְלִיךְ אִיז, נָאר עֶר גֶעהט גְרָאד נִיט אַרַיין אִין קַאבִּינֶעט, עֶר גֶעהט אַרוּם אִיבֶּער אַנְדֶערֶע צִימֶערִין, דֶער נָאךְ אִיז עֶר אַרַיין אִין קַאבִּינֶעט, עֶר הָאט נָאךְ נִיט צַייט גִיהַאט דֶער זֶעהֶען דֶעם בְּרִיף, מִיט אַמָאל עֶפִינְט זִיךְ אוֹיף דִיא טִיר מִיט אַלַיארְעם קְלִימֶענְצִיֶע לוֹיפְט אַרַיין, וָואלְפֶע הַאלְט זִיא פַאר דֶער הַאנְט. קְלִימֶענְצִיֶע אִיז גִוֶועןְ ווַייס ווִיא לֵיים, צוּ פְּלָאכְטֶען דִיא הָאר פוּן קָאפּ, מִיט אַגְרוֹיס גִיוַויין, וָואלְפֶע ווֵיינְט אוֹיךְ, דֶער בַּארָאן דֶער שְׁרֶעקְט זִיךְ זֵייעֶר;

—וָואס אִיז דָאס, וָואס אִיז דָאס, אֵי מַיין גָאט, וָואס אִיז דִיר גְוָוארֶען אַזוֹינְס? וָואס אִיז דִיר מַיין לִיבֶּע טָאכְטֶער?

—פָאטֶער! אָ נִישְׁטָא אִים, אָ נִישְׁטָא, עֶר אִיז אַוֶועק גְגַאנְגֶען עֶר

אִיז

איז אַנְטְלָאפֶען .

—ער איז אַנְטְלָאפֶען , וֶוער איז אַנְטְלָאפֶען ? . — אָ ! מַיין בְּרוּדֶער , מַיין פְרַיינְד , אָ מַיין הַאַרְץ , מַיין נְשָׁמָה . אִיךְ וֶועל גִיט אוים הַאַלְטֶן , אָי פָאטֶר מַייגֶער אָ אָ אָ ... זִיא ווֵיינְט מִיט אַיַאמֶעְרְלִיךְ גְישְׁרֵייא .

—וֶוער . וִויקְטָאר אִיז אַנְטְלָאפֶען ? פוּן וֶועמִין אִיז עֶר אַנְטְלָאפֶען ? וָואהִין אִיז עֶר גְלָאפֶען ? זָאגְט מִיר גִיכֶער זָאגְט וָואס הֵייסְט דָאס ? וָואס אִיז דָאס ? אִיךְ פַאר שְׁטֶעה נִיט אֵיין וָוארְט , וָואס אִיז דָאס פַאר אַ גִישְׁרֵייא פַאר אַגְיוֵויין ?

—מַיין לִיבּ הָאבֶּער וִויקְטָאר , אִיז אַוֶועק פוּן אוּנְז הַיינְט בַּייא נַאכְט אִיז עֶר אַוֶועק פוּן דַאנֶען . אוֹיף אֵייבִּיג אִיז עֶר אַוֶועק גְנַאנְגֶען אִיךְ וֶועל אִים שוֹין מֶער נִיט זֶעהִין , אִיךְ וֶועל שוֹין נִיט אָן קוּקְן זַיין זִים פְּנִים . אָי בִּיטֶער אִיז מִיר ! פִינְצְטֶער אִיז מִיר . זִיא ווֵיינְט אוּנ קְלָאגְט זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ פַאלְט אַנִידֶער אִין חַלָשׁוּת , דֶער בַּארָאן מִיט וָואלְטָען הָאבֶען זִיא קָאם עֶר מִינְטֶערְט , זִיא קוּמְט אַבִּיסֶעל צוּ זִיךְ , דֶער בַּארָאן פְרֶעגְט וָואס בֶּעטַייט דָאס ? עֶר בֶּעט קְלִימֶענְצִיעֶן זִיא זָאל אִים דֶער צֵיילֶען קְלִימֶענְצִיעֶ דֶער צֵיילְט דֶעם בַּארָאן מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיךְ הָאבּ פוּן אַצַייט אַרוּים גִיזֶעהֶן (זָאגְט זִיא) אַז וִויקְטָאר אִיז שְׁטַארְק פַאר זָאגְט אוּנ פַאר טְרוֹיעֶרְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוֹא אִים צוּ גִיזֶעצְט אוּנ הָאבּ אִים בַּשְׁווֹארֶן אַז עֶר זָאל מִיר עֶנְדֶעקֶן דוֹא אוּרְזַאכֶע פוּן זַיין קוּמֶער עֶר הָאט מִיר אוּם גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז זַייר נִיט קֵיין בְּרוּדֶער אוּנ לוֹבְּט מִיךְ נָאר עֶר ווֵייסְט אַז עֶר וֶועט קֵיין מָאל נִיט קֶענֶען דַיין אֵיידֶעם — זַיין ווֵייל עֶר אִיז אַגְיפִינֶען קוּנְד הָאט עֶר פָארְכְט אוּנ אֵיינֶעם מִיט מִיר צוּ זַיין דְרוּם מוּז עֶר פוּן דַאנֶען אַוֶועק גֵיין אִיךְ הָאבּ בַּנִיצְט אַלִי מֶעגְלֶכְקֵייט אוּם

דֶער דלת

דֶער פון אָפּ צו שְׁלָאגֶען אִיךְ הָאבּ בַּפוֹלֶען זַיין דִינֶער וָואלְיֶעגְמִין צוא הִיטֶען אִים אוּנ דָאס מִינְדֶסְטֶע מִיר דֶער צֵיילֶען עֶר הָאט אָבֶּער אַפָּנִים אִיבֶּער גְרֶעט דֶער גִיטֶער וָואלְיֶעזְנְטֶען הָאט אִים גֶעוִוים גִיט גֶקָאנְט אָפּ זָאגֶען אוּנ הָאבֶּען גִימוּזְט בֵּיידִי הַיינְט בַּייא נַאכְט אַוֶועק גֵיין מִיר הָאט עֶפִּים מַיין הַארְץ גְזָאגְט אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט שְׁלָאפֶען אִיךְ בִּין לַאנְג גְלֶעגִין זֵייעֶר אוּמְרִיג מִיךְ הָאט גְצוֹגִין צוא גֵיין זֶעהֶען וָואס וִויקְמָאר טוּט אִיךְ נֶעם אַמֶנְטֶעל אוּנ קוּם גְרַייךְ אוּנ זַיין צִימֶער נִישְׁט דָא וִויקְטָארֶען נִיט זַיינִי זַאכֶען עֶס אִיז פִּיסְט וִויסְט אוּנ לֵיידִיג דִיא וִוינְקֶלֶעךְ וֵויינֶען דִיא טִיר דִיא פֶענְצְטֶער זֶענִין אוֹיפִין אִיךְ לוֹף צוּ רִיק בַּאגֶעגִין אִיךְ מַיין בַּדִינְטֶע לוּפְט מִיר זוּכֶען זִיא הָאט מִיךְ אָבֶּער קָאם דֶער פִּירְט צוּ מַיין צִימֶער אִיךְ בִּין גְפַאלֶען אוּנ חַלָשׁוּת אוּנ מֶער וֵויים אִיךְ שׁוֹן גָאר נִישְׁט דוּא בַּאדִינְטֶע (זָאגְט וָואלְפֶּע) אִיז גְקוּמֶען צוּ לוֹיפֶען אוּנ הָאט מִיךְ אוֹיף גְוֶועקְט מִיר הָאבֶּען זִיא אַגַאנְצֶע נַאכְט גֶעמִינְטֶערְט מִיר הָאבֶּען זִיא פִּיל מָאל עֶרְמִינְטֶערְט אִיז זִיא חַלוּשׁוֹת וַוייטֶער מִיר הָאבֶּען בַּייא אִיר נִישְׁט גֶקֶענְט דֶער גֵיין דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיר צוּפַאל אוֹיךְ הָאבִּין מִיר נִיט גְוָואלְט וֶועקִין מִיר הָאבֶּען גִיהָאפְּט מִיר זָאלֶען זִיא קֶענֶען בְּרֵיינְגֶען צוּ אִירֶע קְרֶעפְטֶען עֶרְשְׁט מִיטֶען טָאג גְלַייךְ אִיז זִיא אַבִּיסֶעל אַנְשְׁלָאפֶען גְוָוארֶען מִיר זֶענִין לֶעבִּין אִיר גְזֶעסֶען בִּיז אַצוּנְד עֶרְשְׁט אִיז זִיא אוֹיף גְשְׁטַאנֶען אוּנ אִיז גְגַאנְגֶען צוּ אַייךְ •

דֶער בַּארָאן בַּגִיסְט זִיךְ מִיט טְרֶערֶען עֶר וֵויינְט זֵייעֶר שְׁטַארְק קִינְדֶער קִינְדֶער (זָאגְט עֶר) יוּנְגֶער שֵׂכֶל אַייעֶרֶר אִיר קֶענְט נִיט אַייעֶר פָאטֶער אִיךְ הָאבּ אִים דָאס אוֹיךְ גִיזָאגְט טַייעֶרֶר פָּאטֶר שְׁלֶעכְט רֶעכֶנְט מִיךְ וִויקְטָאר גֵיי עֶר פַאר שְׁטֵייט מִיךְ נִיט עֶר מֵיינְט אַז אִיךְ יָאג מִיךְ נָאךְ גְרוֹיס עֶהְרֶע נָאךְ יִחוּס נֵיין מַיין טָאכְטֶער עֶר הָאט נִיט גְוִויסְט פַאר

וואס

ואס אִיךְ הָאבּ גָאר קֵיין אַנְדֶרִי מַחֲשָׁבָה נִיט גִיהַאט דָאס אִיז גִיוָועזן זיין גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג. דְרוּיף הָאבּ אִיךְ מַיין גַאנְץ גְלִיק גִרֶעכֶנְט אִיךְ זָאל זִיךְ פַאר אֵיינִיגֶען מַיינִי לִיבֶּע קִינְדֶער אִיךְ זָאל בַּאפֶעסְטֶגִין אויף אֵייבִּיג ויקְטָארֶען זִיךְ תַאר אַזוֹן פַאר אַזוֹרְשׁ נָאךְ מִיר גָר וֵוינְט זֵייעֶר שְׁטַארְק, אוּנ דֶעם טוּט קְלִימֶענְצִיֶע אַגִישְׁרֵייא!

אָ אַבְּרִיף פָאטֶער אַבְּרִיף אויפֶן טִישׁ אַפַּאר חַתְמוּטֶר בְּרִיף וִיקְטָארְס האַנְט פוּן אוּבִין אוּף גְשְׁרִיבֶּען דָאס אִיז גֶווִיס זַיין גֶזֶעגִין בְּרִיף.

אָ הִימֶעל אַבְּרִיף פוּן וִיקְטָארֶען,
יָא יָא דָאס אִיז זַיין הַאנְט.

פְרִיצֶערִין נֶעמְט גְשְׁווִינְד מִיט צִיטֶערְדִיקִי הֶענְט עֶר עֶפִינְט אויף דְעם בְּרִיף.

קְלִימֶענְצִיֶע בַּאבְּגוּוָאס זִיא חַאפְּט דֶעם אָטוּם.

דֶער בַּארָאן הֵייבְּט אָן לֵיינֶען דֶעם בְּרִיף עֶר לָאזְט אִים פַאלֶען פוּן הַאנְט עֶר פַאלְט אַנִידֶעִיר אופֶען שְׁטִיל זֵייעֶר פַאר בִּיטֶערְט עֶר לֵייגְט צוּ דִיא הַאנְט צוּם הַארְץ אוּנ טוּט אַגְרוֹיסֶען זִיפְץ.

קְלִימֶענְצִיֶע חַאפְּט דֶעם בְּרִיף לֵיינְט אִים אוּנ אֵיינֶעם מִיט וָואלְפֶען נֶעצְט אִים אָפּ מִיט הֵייסֶע טְרֶערֶען זִיא לֵייגְט אִים אִיבֶּר עֶטְלֶכִי מָאל צוּ אִיטְלִיכֶען וָוארְט צוּא וֵוינְט זִיא זִיךְ שְׁטַארְקֶר.

פְרִיצֶערִין קוּמְט אָבֶּער אַבִּיסֶעל צוּ זִיךְ עֶר מַאכְט זִיךְ הַארְץ עֶר זֶעהֶט אַז קְלִימֶענְצִיֶע גֵייט אוֹיס זִיא וֶועט בַּאלְד וַוייטֶער פַאלֶען אוּנ אָן מַאכְט עֶר הֵייבְּט זִיא אָן צוּ טְרֵייסְטֶען אוּנ זָאגְט מַיין לִיבֶּע טָאכְטֶר מֶען הָאט נִיט וָואס צוּ שְׁמוּסֶען וֶואס צוּא רֵיידֶען.

וויקטאר

וויקטאר איז אַוועק מען קען אים איצט ניט אום קערן ווער ווייסט וויא אַהין ער האט זיך אַוועק גילאזט ווער ווייסט מיט וועלכען וועג זיי זענין גגאנגען זייא זענין שוין איצט גאנץ ווייט נאר זייא רוהיג מיין טאכטער ער וועט בּייא אונז אונ געבין ווייטער זיין ער וועט אונז געווים שרייבּען בּריף אויף זיין ערשטע בּריף וועל איך אים אָפּ שרייבּען אַז ער זאל בּאלד קומען איך וועל אים שרייבען אַז ער וועט דיך נעמין אונ איך וויל אייך חתונה מאכען ·

נוא גלויבּסטו מיר מיין טאכטער , יא איך גלויב דיר אָבּער וואס וואס וועט זיין אַז ער וועט אָבּער ניט שרייבּען דאס קען ניט זיין ער זאל מיר דיא עהרע ניט טאן ער זאל מיר קיין בּריף ניט שרייבּען ער איז דאך ניט פאר שלעכטס פון אונז אַנטראָגען ניט פאר כּעס אונ ניט פאר שׂנאה ער האט אונז ליב מיר האָבען אים ליב ער וועט זיך ניט איין האלטען ער זאל אונז נישט שרייבּען ער וועט געוויס ווייסען פון אינזער פריד דיא גלויבּסט קלימענציע אַז ער וועט אונ אונז גאר פאר געסען אין מיר אונ אין דיר וועלכי ליבּען אים אַזו שטארק האב ניט קיין עגמת נפש ער וועט געווים שרייבּען אונז אונ מיר וועלין אים אָפּ שרייבּען ער וועט תּיכּף קומען צו אונז וויא אפויגיל איך בּעט דיך נאר מיין טאכטער זייא רוהיג אונ לאמיר הארען אויף דער זיסער צייט אויף דער גליקליכער שעה אונ איר אויך ליבּע העדעניטע וואלפּע ווייכט ניט איר וועט זיך נאך זעהין מיר אייער ראטער פּאטער ליבּער פאטער לאמיר חאטשע גיין אַבּיסעל אונ צימער וויא וויקטאר האט גוואנט לאמיר חאטשע אָן קוקען דיא ווינקלעך דאס וועט מיר אוך זיין אַחיות ·

לאמיר גיין איך טוא דיר צו ליב נאר דיא מוזט מיר אָבּער צו זאגען אַז דוא וועסט ניט וויינען אונ ניט צו רידען זיך דארטען ווייטער

וואדוס

וָוארום דָאס קֶען דִיר זֵייעֶר שַׁאטֶען .

אִיךְ זָאג דִיר דָאס צוּא לִיבֶּער פָּאטֶער דֶער בַּארָאן נֶעמְט זַיין טָאכְטֶער בַּייא דֶער הַאנְט אַלִי דְרַייא גֵייאֶן גְלַייךְ צוּ וִויקְטָארְס צִימֶער :

קְלִימֶענְצִייֶען קְלַאפְּט זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק דָאס הַארְץ גְלַייךְ וִויא זִיא פִילְט , אַז זִיא וֶועט דָארְטֶען גְפִינֶען אִיר גְלִיבְּטֶען , זֵייא קוּמֶען אַרַיין אִין צִימֶער . אָ פָּאטֶער ! אָ גָאט ! צוּא זֶעה אִיךְ דָאס אוֹפִּין וָואר אָדֶער עֶס אִיז אַחֲלוֹם , וָואס זֶעהֶען מַיינֶע אוֹיגְן ? וִויקְטָאר !

וִויקְטָאר לִיגְט אוּנ שְׁרָאפְט , וָואלֶיעֶנְטִין שְׁלָאפְט אוֹיךְ זִיצִינְדִיג אִין קְרֶעסְלֶע אָן גִישְׁפַּארְט אַבִּיסֶעל אָן אַזַייט , קְלִימֶעטנְצִיֶע טוּט זִיךְ אַוָוארְף צוּא וִויקְטָארִין , וִויקְטָאר חַאפְּט זִיךְ בַּאלְד אוֹיף , עֶר קוּקְט וִויא פַאר דוּלְט , עֶר רֶעט נָאךְ פַאר שְׁלֶעפֶערְטֶערְהֵייט אוּמְפֶּערְשְׁטַאנְדִיקֶע וֶוערְטֶער , עֶר דֶער מַאנְט שְׁטִילֶערְהֵייט קְלִימֶענְצִיֶען , דֶעם בַּארָאן , קְלִימֶענְצִיֶע חַאפְּט אִים פַאר הַאנְט , טוּט נָאךְ אַמָאל אַגֶעשְׁרַייא וִויקְטָאר ; וִויקְטָאר הָאט זִיךְ קַאם בַּאדַאכְט , וָואס טוּט זִיךְ דָא מִיט אִים , עֶר דֶער זֶעהְט וָואלֶיעֶנְטִינֶען שְׁלָאפִין עֶר טוּט אַ גֶעשְׁרֵייא וָואלֶיעֶנְטִין ! (זֶער חַאפְּט זִיךְ אוֹף) , דוּא הָאסְט גֶעשְׁלָאפִין ?

יָא אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁלָאפֶען . וִויקְטָאר זֶעהְט פְרִיצֶערִין , קְלִימֶענְצִיֶען אוּנ וָואלְפֶען זֵייעֶר צוּא רוּדֶערְט , בְּלֵייךְ , עֶר הָאט פַארְשְׁטַאנֶען , אַז זֵייא וֵוייסֶען שׁוֹין פוּן אַלְץ , הָאט אַפָּנִים אַז דֶער בַּארָאן הָאט שׁוֹין גִיפוּנֶען דֶעם בְּרִיף (מְרַאכְט עֶר) , קְלִימֶענְצִיֶע פְרֶעגְט אִים , וִויקְטָאר וִויא קוּמְט דָאס , אִיךְ בִּין דָאךְ דָא בַּייא נַאכְט גִיוֶוען , בִּיסְט נִיט גִיוֶוען , עֶס אִיז גִיוֶוען נָאר פוּסְט אִין דַיין צִימֶער , אוּנ דַייז גִיזֶעגִין בְּרִיף וִויקְטָאר ! וָואס הֵייסְט דָאס ?

אמת

אֶמֶת ! עֶר וַוארְפְט זִיךְ דֶעם בַּארָאן צוּא דִיא פִּיס אוּנ זָאגְט : בֶּעשְׁטְרָאפְט מִיךְ פָּאטֶער לִיבֶּער, אִיךְ בִּין וֶוערְט, אִיךְ בִּין וֶוערְט, אִיךְ בִּין זֵייעֶר וֶוערְט, אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִיטָאן שְׁמֶערְצִין,

יָא, מַיין קִינְד, דוּא הָאסְט אוּנְז אָן גִיטָאן, גְרוֹיסֶע שְׁמֶערְצִין, וְוילְדֶע יְסוּרִים הָאסְטוּ אוּנְז אָן גִיטָאן, קוּם אוֹיף דַיין גִילִיבְּטֶע קְלִימֶענְצִיֶען זֶעה וָואס פַאר צָרוֹת דוּא הָאסְט אוּנְז אָן גִיטָאן, קוּק אוֹיךְ אָן דִיא פְרוֹיא וָואלְפֶע, מִיר זֶענִין אַלֶע טוֹיט קְרַאנְק אִיבֶּער דִיר !

אִיךְ הָאבּ גִיזִינְדֶעגְט טְרַייֶער פָאטֶער. אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר שְׁטַארְק גִיזִינְדֶעגְט, אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט פוּן אַייךְ אַנְטְלוֹיפֶען אִיךְ בִּין שׁוֹין גִיוֶועזְן אַנְטְלָאפֶען, נָאר אִיר ווֵייסְט אָבֶּער נִיט דִיא אוּרְזַאכֶע, דִיא אוּרְזַאכֶע, וֶועט אִיר טַאקֶע נִיט וִויסֶען.

אִיךְ ווֵייס אַלְסְדִינְג מַיין קִינְד, אִיךְ ווֵייס אַז דוּא לִיבְּסְט קְלִימֶענְצִיֶען.

אִיר ווֵייסְט ? וֶוער הָאט אַייךְ גֶעזָאגְט ?

קְלִימֶענְצִיֶע הָאט מִיר אַלְץ אוֹיס גִיזָאגְט, נָאר דוּא מַיין קִינְד בִּיסְט אִין מִיר אִין טָעוּת גִיוֶועזְן. אִיךְ הָאבּ אִין דִיר אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת גִיהַאט, אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט, אַז דוּא קֶענְסְט מִיךְ דֶערְבֶּעגֶען נָאךְ מַיין וֶוערְט, אָבֶּער נֵיין, דִיא פַארְשְׁטֶעהְסְט נָאךְ נִיט, וָואס אִיךְ בִּין, דוּא הַאלְסְט מִיךְ פַאר אַ בַּעַל גַאֲוָה, דוּא הַאלְסְט מִיךְ פַאר אַ רוֹדֵף אַחַר הַכָּבוֹד. דוּא הָאסְט מִיךְ גִירֶעכִינְט, אַז אִיךְ הָאבּ לִיבּ נָאךְ צוּא גֶעהֶן נָאךְ גְרוֹיסְקֵייט, דֶערִיבֶּער בִּיסְטוּ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען, דוּא הָאסְט גִימֵיינְט אַז מִיר וֶועט נִיט אָן שְׁטֶעהֶן צוּא נֶעמֶען דִיךְ פַאר אַיין אֵיידִים, נֵיין ! מַיין קִינְד, נֵיין ! נָאר פַאר קֶערְט אִיז מַיין טַאכְ נָאר דָאס, מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער,

אִיךְ

אִיךְ מֵיין טַאטִי , אִיר זָאלְט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט שֵׁיידֶען , נִיט פַאר מֵיין
לֶעבִּין , אונ אויךְ נִיט נָאךְ מַיין טוֹיט · אִיךְ וִויל אוךְ , אַז אוף דֶער וֶועלְט
אונ אוף יֶענֶער וֶועלְט זָאל אִיךְ אָן גִירוּפֶען וֶוערֶן אַייֶער פָּאטֶער , אִיךְ
וָואלְט דָאס אַייךְ שׁוֹין מְגַלֶה גִיוֶועזְן מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהר צוּ רִיק , נָאר אִיךְ
הָאבּ דֶער צוּ גִיהַאט אַטַעַם , אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט טָאמֶער וֶועל אִיךְ דֶער
גֶעהֶן דַיינֶע עֶלְטֶערֶען , בִּיז יֶענֶער צַייט , הָאבּ אִיךְ נִיט גִיוָואלְט אִיר זָאלְט
דֶער פוּן וִויסִין , אָבֶער בֶּאֱמֶת וֶועט דָאס גָאר נִיט שְׁטֶערֶען , דַיינֶע
עֶלְטֶערֶען וֶוער זֵייא מֶעגֶען זַיין , אָרֶעמֶע אָדֶער רַייכֶע , קֵיין אוּמֶערְלִיכֶע
דַארְפֶען זֵייא גִיוִויס נִיט זַיין , וָוארוּם דָאס עֶפֶּעלֶע פַאלְט נִיט וַוייט פוּן
בֵּיימֶעלֶע , מֶע פַאר שְׁטֶעהְט אִין דִיר וִויקְטָאר , אַז דוּא קוּמְסְט אַרוֹיס
פוּן אָרִינְטְלִיכֶע עֶלְטֶערֶען , אונ גֶעלְט אָדֶער כָּבוֹד דַארְף אִיךְ נִישְׁט ,
זֶענִין זֵייא אָרֶעם וָואלְט אִיךְ נָאךְ זֵייא גִיהָאלְפֶען , דָאךְ אָבֶער הָאבּ אִיךְ
גֶעוָואלְט פְרִיהֶער וִויסֶען פוּן זֵייא , נָאר אַז עֶס הָאט זִיךְ נִיט גִימַאכְט ,
אַז אִיךְ וֵוייס נִיט , אַרְט מִיךְ אוךְ נִיט אונ אֶפְשַׁר אִיז נָאךְ גְלַייכֶער וֶועל
אִיךְ דִיר זַיין וִויקְטָאר , אִי אַפָּאטֶער אִי אַשְׁוֶוער , זַייט רוּהִיג , מַיינֶע
קִינְדֶער אִיךְ הָאבּ קֵיין מָאל קֵיין אַנְדֶערֶע גִידַאנְקֶען נִיט גִיהַאט .

וִויקְטָאר פַאלְט וַוייטֶער פְרִיצֶעדִין צוּא דִיא פִּיס , אונ זָאגְט , זַייט
מִיר מוֹחֵל טַייעֶרֶר פָּאטֶער ! פַאר גִיבְּט מִיר , אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק גִיזִינְדֶעגְט
קֶעגִין אַייךְ : פוּן אַלֶע אַייעֶרֶע וואהל טֶעטִיקַייט , פוּן אַלֶע אַייֶער
גוּטְהֶערְצִיקַייט , וָואס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן אַייךְ גִיזֶעהֶען אִין מַיין לֶעבִּין ,
הָאבּ אִיךְ קֵיין שֵׂכֶל נִיט גִיהַאט צוּא רֶעכֶענֶען אַייךְ נָאךְ אַייֶער וֶוערְט ,
נָאר לִיבֶּער פָּאטֶער ! הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶען גִיקֶענְט רֶעכְטִין אוף אַזַא זַאךְ ?
דָאס אִיז גָאר נִיט קֵיין מֶענְטְשֶׁען גִיפִיהל , אִיךְ זָאל קְלֶערֶען אוף אַזַא
גְרוֹיסֶע זַאךְ , אִיר זֶענְט גָאר קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט , אִיר זֶענְט נָאר אַמַלְאָךְ ,
פוּן

פון קַיין מֶענְטְשֶׁען זֶעהְט מֶען אַזוינְס נִיט, אַזַא הויכֶע זַאךְ, שְׁטַייטְשׁ! אַיין אָרוּם קִינְד אָהן אַנָאמֶען, אָהן אַפַּאר מֶעגִין, אָהן עֶלְטֶערְן, אָהן אַשׁוּם פַאמִילְיֶע! אַקִינְד, וָואס אִיז פוּן אַשְׁטֵיין גִיבָּארִין! אִיר, אַזַא גְרוֹסֶער אוּנ רַייכֶער מַאן אוּנ גַאנְץ גֶערְמַאנְיֶע: אַיְיעֶר טָאכְטֶער, אַיְיעֶר אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְטוּנְג . . . נֵיין נֵיין! מַיין פָאטֶער, דָאס אִיז הֶעכֶער פוּן מַיינֶע גִיפִיהְלִין, אִיךְ הָאבּ זִיךְ דָאס נִיט גִיקָאנְט אַיין שְׁמוּעֶסִין, אַז דָאס זָאל גֶעשֶׁעהֶען.

נַיין, מַיין זָאהן דוּא זָאגְסְט שְׁלֶעכְט, דוּא רֶעדְסְט נִיט דִיא וָוארְהַייט. נָאר פַאר קֶערְט, אִין אֶמֶת אַרַיין, דַארְף יֶעדֶער מֶענְטְשׁ אַזוֹ זַיין, יֶעדֶער עֶרְלִיכֶער מַאן וָואלְט אַנְדֶערְשׁ נִיט טָאן, צוּ פַאר בַּייטֶען דֶעם אֶמֶת, דֶעם עִיקָר, דֶעם יְסוֹד, אוּף נַארִישְׁקֵייט, אוֹיף גֶעלְט, אוּף כָּבוֹד. דֶער עִיקָר אִיז דֶער אָרִינְטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ מִיט זַיינִי גוּטִי מַעֲשִׂים, דָאס הָאבּ אִיךְ גִיפוּנֶען אִין דִיר, דוּא אַלֵיין וִויקְטָאר דוּא הָאסְט זִיךְ גְדַארְפְט רֶעכֶענֶען אוּף מַיין אָרְט, וָואלְסְטוּ אִין מִיר רֶעכֶעסְטְמָאל קַיין טָעוּת נִישְׁט גִיוֶעזֶען הָאבֶּן דוּא וָואלְסְט אוּךְ אַנְדֶערְשׁ נִיט גִיטָאן, וּבִפְרַט אִיךְ וֵוייס גוּט אַז קְלִימֶענְצְיֶע הָאט דִיךְ אוֹיךְ לִיבּ, אוּנ זִיא אִיז גִירֶעכְט, זִיא הָאט זִיכֶער נִיט שְׁלֶעכְט אוֹיס גִיקְלִיבִּין, דוּא וֵוייסְט, זִיא וֶועט פַאר דִיר גְלִיקְלֶעךְ זַיין, נָאר זָאג מִיר וִויקְטָאר וָואס הָאט דִיךְ גִינֵייט אוּם קֶערֶען זִיךְ. עֶפֶּעס אִיז דָאס דָאךְ נִיט אוּמְזִיסְט דוּא בִּיסְט גִיהַאט אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאסְט זִיךְ אוּם גִיקֶערְט. זָאג מִיר דִיא אוּרְזַאכֶע?

אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין, נָאר אַיךְ אַלֵיין, עֶס אִיז אַ סוֹד. מִיר אַלֵיין? אַ סוֹד; קוּם זָאג מִיר מַיין קִינְד.

זֵייא זֶענִין בֵּיידֶע אַוֶועק גִיגַאנְגֶען. וִויקְטָאר פְרֶעגְט דֶעם בָּארָאן: הָאסְט אִיר גִיט מִיט אַיינֶעם עֶפֶּעס צוּ טָאן? דֶער מַאנְט אַיין עֶפֶּעס וֶוער

האט

הָאט אִיר נִיט עֶפֶּעס אַיין אוּמְפְּרֵיינְד ?

צוּא טָאן הָאבּ אִיךְ מִיט קִיינֶעם, אוֹיךְ קֵיינֶער הָאט מִיךְ נִיט וָואס צוּא מַאנֶען, אִיךְ בִּין קֵיינֶעם נִישְׁט שוּלְדִיק, אוּנ קֵיין אוּם פְּרַיינְד. פִּיל אִיךְ אוֹיךְ נִיט אִיךְ זָאל הָאבִּין, וָאר קֶענִין וָואס פְּרֶעגְסְטוּ דָאס מִיךְ וִויקְטָאר ?

עֶס הָאט אַיךְ אַמֶענְטְשׁ גִיבְּרַאכְט אַבְּרִיף, עֶר הָאט אַיךְ אִים אַלֵיין נִיט גִיוָואלְט אַבִּיין טְרָאגִין, עֶר הָאט מִיר אָז גִיגֶעבִּין אִיךְ זָאל אַיךְ דֶער לַאנְגִין, אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז מֶע פַאדֶערְט דָא אִין בְּרִיף פוּן אַיךְ עֶפֶּעס אַ זַאךְ. וִויקְטָאר דֶער לַאנְגְט אִים דֶעם בְּרִיף דֶער בַּארָאן עֶפִינְט אִים אוֹיף עֶר זֶעהְט מֶע שְׁרַייבְּט צוּא אִים, עֶר קוּקְט אוֹיף דֶעם אוּנְטֶער שְׁרִיפְט עֶר וֶוערְט גָאר פַאר שְׁטַיינֶערְט: רָאזְשֶׁער! וָואס הֵייסְט דָאס, וִויקְטָאר טוּט אוֹיךְ אַבְּלִיק, עֶר דֶער שְׁרֶעקְט זִיךְ נָאךְ מֶער, זֵייא לֵייֶענִין בֵּיידֶע דֶעם בְּרִיף:

צוּם בַּארָאן פְּרִיצֶערִין אִין זַיין שְׁלָאס

דוּא וֵוייסְט אַז אִיךְ קֶען גִינוּג טָאן יֶענֶעם דֶער וָואס טוּט נִיט מַיין ווִילִין, דֶער וָואס פָאלְגְט נִיט מַיין גִיבָּאט! אִיךְ זָאג דִיר צוּא, שַׁיינֶען דִיךְ, נִיט בַּאפַאלֶען אוֹיף דַיין שְׁלָאס הַיין מָאל, אַז דוּא וֶועסְט מִיר טָאן וָואס אִיךְ בֶּעט דִיךְ!

מִיט עֶטְלִיכֶע טֶעג צוּא רִיק הָאבִּין דַיינֶע צְווייא אָז גִינוּמֶען בַּייא מַיינֶע דְרַייא מֶענְטְשֶׁען אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער, צְווייא הָאבִּין זַייא גֶעטוֹיט, אוּנ אֵיינֶער אִיז גֶיקוּמֶן לֶעבֶּדִיג, דִיא פְּרוֹיא אִיז אַצוּנְד בַּייא דִיר אִין שְׁלָאס, זִיא אִיז מִיר זֶעהֶער נֵייטִיג, אִיךְ פָּאדֶער פוּן דִיר אַז דוּא זָאלְסְט מִיר, נִיט שְׁפֶּעטֶער וִויא אִין פִיר אוּנ צְוָואנְצִיג שְׁטוּנְדִין אַרוֹיס שִׁיקִין זִיא מִיט דַיינֶע

דַיינֶע מֶענְטְשִׁין, אִין קִינִיגְרַאצְקִין וַואלְד, מַיינֶע מֶענְטְשֶׁען וֶועלֶען אִיר דָארְטֶען צוּ נֶעמֶען בַּייא דַיינֶע מֶענְטְשֶׁען פוּן דִיא הֶענְט, אִיךְ גִיבּ דִיר וָוארְט דַיינֶע לַייט זָאל קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גִישֶׁעהֶען ׃ אוֹיבּ נָאךְ פִיר אוּנ צְוָואנְצִיג שְׁטוּנְדִין וֶועל אִיךְ נִיט הָאבֶּען דִיא פְרוֹיא וֶועסְטוּ מִיךְ הָאבֶּען בַּייא זִיךְ צוּ גַאסְט ׃ רָאזְשְׁעֶר״

פָארְשְׁטֶעהְסְטוּ לִיבֶּער לֶעזֶער, אַז רָאזְשֶׁער פָארֶערְט, מֶען זָאל אִים אַרוֹיס גֶעבֶּען דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹיא וָואלְפֶען, מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען וַוייטֶער, וָואס דָא וֶועט זִיךְ אוֹיסְלָאזִין.

6

וָואס וַוייטֶער, (זָאגְט דֶער בַּארָאן), וֶוערְט מִיר אַלְץ מֶער חִידוּשׁ, אַלְץ מֶער ווּאוּנְדֶער מִיט דֶער דָאזִיגֶער פְרוֹיא וָואלְפֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ זִיא אוֹיס גִיזֶעהֶען, קֶען נִיט זַיין עֶרְלִיכֶער פוּן אִיר וָואס פַאר אַזַא אֵיינִיגֵי קֶענְשַׁאפְט זָאל זִיא הָאבֶּען מִיט אַזַא מֶערְדֶער זִיא הַאלְט בַּייא זִיךְ זַיין פַארְבְּרֶעכֶט עֶר שְׁרַייבְּט אַז דִיא פְרוֹיא אִיז אִים זֵייעֶר נֵייטִיג אִיךְ פַאר שְׁטֵייא דָאס נִיט מַיין מוֹחַ נֶעמְט דָאס נִיט אַרוֹם אִיךְ וֶועל אוּנ מַיין לֶעבֶּען נִיט גְלֵייבֶּען אַז זִיא זָאל זַיין מִיט אִים אַ שַׁייכוּת אוּנ זַיינֵי מֶערְדֶערַייא אוּנ זַיין שֶׁענְדְלֶעכֶען גִישֶׁעפְט אַזַא אָרֵיינְטְלֶעכֶע פְרוֹיא אַזַא פְרִימֶע וָואס טוּט מֶען וִויקְטָאר וִויא אַזוֹ טְשֶׁעפֶּעט מֶען זִיךְ אָפּ פוּן אַזַא שְׁלֶעכְטִין צוּא פַאל פוּן אַזַא שְׁלֶעכְטִין אוּנ גִיפֶערְלֶעכֶען מֶענְטְשֶׁען פוּן רָאזְשֶׁערִין דֶעם הוֹיפְּט מַאן פוּן דִיא רָאזְבּוֹינֶעקֶעס וִויא אַזוֹ מֵיינְסְטוּ הָאט עֶר בַּייא מִיר גֶעפּוּילְט אִיךְ זָאל אִים אַרוֹס גֶעבֶּען דִיא פְרוֹיא נֵיין דָאס וֶועט אִין לֶעבֶּען נִיט זַיין נָאר אִיךְ וִויל אִיר אַצוּנְד זָאגִין גַאנְץ אוֹיס דְרִיקְלִיךְ אַז אִיךְ מוּז וִויסֶען פִיל וֵוינִיג פוּן אִיר גֶעשֶׁעכְטֶע זִיא מוּז

אונז

אונז געבען צו פאר שטיין וואס פאר אשייכות האט זיא מיט ראזשערין אזא שרעקלעכען מערדער.

דער באראן רופט צו זיך וואלפען זיא קומט מיט קלימענציען הערינטע זאגט ער צו איר איך האב ערהאלטען אברוף וועלכער קער זיך אן מיט איך מיט מיר וואס איז דאס אזונס הערט אמענטש וועלכער קען איך אונ דארף איך נייטיג האבען שרייבט מיר איך זאל איך צו אים שיקען מיך דארפען נייטיג וועלכער מענטש קען מיך דארפען ווער זאל נאך אן מיר אין דער וועלט גידיינקען איך האב ניט קיין גוטע פריינד, יא אבער פיינד האט איר, וואלפע ווערט בלייך וויא אטוך אונ ווייס ניט וואס צו ענטפערין.

איר קענט דעם מענטשען גאנץ גוט איר האט אפילו בייא זיך זיין בוכר דאס איז ראזשער; ראזשער אוי וויא וואלפען ווערט ניט גוט זיא פארט אנידער אונ חלשות זייא מינטערען זיא אפ: אוי וויא: ווינד אונ וויא איז מיר מיינע אומגליקין לאזין מיך ניט רוען זייא יאגין מיך נאך אן אפערד, גאט מיין גאט מיין הער דאס האלט איר אין דער האנט ראזשערס בריף ער גיט איר דאס בריף זיא לייענט אים זיא פאר דעקט מיט דיא הענט דאס פנים אונ שרייט מיט אגרויס גישרייא אוי גוואלד גיוואלד, וואס וויל פון מיר דער גזלן האבען, נאך קארג נאך ניט גינוג האב איך פון אים געליטען, אך ביז וויא לאנג וועל איך נאך אזוי אומגליקליך זיין זיא פאלט דעם באראן צו דיא פיס, אך הערפט מיר האר ראטיוועט מיך,

דער באראן הייבט זיא אויף אונ זעצט זיא אנידער יא הערינטע זאגט ער צו איר איך וועל אייך העלפין, נאר הערט מיך אויס וואש איך וויל אייך זאגין ' איר זעהט דאך אז ראזשער פארערט איך זאל אייך אים ארום געבען, אונ אז ניט וועט ער אונז בפאלען עס פאר

שטייט

שְׁטֵייט זִיךְ אַז מִיר וָועלֶען זִיךְ אַקֶעגִין אִים וֶוערֶען ווִיא וַוייט מִיר וֶועלִין קֶענִין , מִיר מֶעגִין אַלִי גִיטֵייט וֶוערִין אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט אַרוּס גֶעבִּין ,

נָאר אִיר פַאר שְׁטֵייט גַאנְץ גוּט אוּנ וָואס פַאר אַגִיפְּטִין מִיר זָענִין מִיר שְׁטֶעלִין אַיין אוּנְזֶר לֶעבֶּען פוּן אַייעֶרְט וֶועגִין , דְרִיבֶּער בֶּעט אִיךְ פוּן אַייךְ אִיר זָאלְט אַזוֹ שְׁלֶעכְט קֶעגִין אוּנְז נִיט זַיין , גְרֵייבְט אוּנְז אוּנ דֶער צֵייְלְט אוּנְז אַייעֶרִי גִישֶׁעכְטֶע אִיךְ מוּז ווִיסֶען וָואס קֶערְט אִיר זִיךְ אָן מִיט רָאזְשֶׁערִין , זִיא פַאלְט נָאךְ אַמָאל דֶעם בַּארָאן צוּ דִיא פִיס , עֶר הֵייבְּט זִיא וַוייטֶער אוֹיף , זִיא זָאגְט גֶענִידֶערְגֶער הֶ"ר וָואלְט אִיךְ גִיוִויסְט פוּן דֶעם רָאזְשְׁרִין נָאר אַז אִיךְ וֶועל הָאבֶּען דֶעם טוֹיט וָואלְט אִיךְ אַייךְ גָאר נִיט גִיבֶּעטֶען אִיר זָאלְט מִיר הֶעלְפִין . אִיךְ וָואלְט אוּם גִיקֶעקֶעבֶּען בֶּעסֶער אִיר זָאלְט מִיךְ צוּ אִים אִיבֶּער גֶעבִּין אֵיידֶער אִיךְ זָאל אַייךְ דֶער צֵייְלֶען , נָאר מֶען קֶען זִיךְ נִיט פָארְשְׁטֶעלֶען וֶועלְכֶע בִּיטֶערִי יִסוּרִים אִיךְ וֶועל בַּייא אִים לַיידֶען .

אָךְ מַיין הֶער אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין גִיזָאגְט אַז דָאס אִיז נִיט מַיין סוֹד דָאס אִיז אַ סוֹד פוּן אַפְּרִימֶע אוּנ אַ אֵיידֶעלֶע פְּרוֹיא וֶועלְכֶע הָהט שׁוֹין לַאנְג אוּנ גַן עֵדֶן , אָךְ מַיין הֶערִינְטִי אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע פְּרוֹיא דוּא זֶעהְסְט דוּא הֶערְסְט וָואסֶערִי צָרוֹת אִיךְ לַייד דוּרךְ דִיר , אִיךְ הָאבּ דִיר פַאר שְׁפְּרָאכִין , אוּנ דוּא ווִילְסְט נִיט מְגַלֶה זַיין דַיין סוֹד .

אִי ווִיא קָאן אִיךְ אָבֶּער זַיין אַזוֹ דֶער ווִידֶער אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשֶׁען וָואס טוּאֶן מִיר אַזוֹ פִיל גוּטְס , אַזֶעלְכֶע וֶועלְכֶע זֶענִין בַּייא מִיר אַזוֹ גִיאַכְט אִי אִיךְ הָאבּ אַזוֹ פִיל שְׁטַארְקֵייט נִיט .

אָי אָי אִיךְ מוּז עוֹבֵר זַיין דַיין רֶעצְטִין בַּאפֶעל וֶועלְבֶען דוּא הָאסְט מִיר מִיט הֵייסֶע טְרֶערֶען אוֹפְּן טוֹטִין בֶּעט בַּאפוֹלִין אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג , זִיא וֵויינְט אוּנ קְלָאגְט גָאר יָאמֶערְלִיךְ .

דֶעם בַּארָאן פַאר נֶעמְט דָאס צוּם הַארְצִין עֶר קֶען זִיךְ נִיט פַאר ווִינְדֶערִין אוּף דִיא עֶרְלִיכְקֵייט פוּן דֶער פְרוֹיא, עֶר קֶען זִיךְ נִיט אַיין הַאלְטִין עֶר בַּאגִיסְט זִיךְ מִיט טְרֶערִין, עֶר הָאט זֵייעֶר חֲרָטָה ווָאס עֶר הָאט גִיפָארֶערְט פוּן אִיר אַזוֹנְס, ווָאס עֶס אִיז אִיר אַזוֹ שְׁווֶער צוּ טָאן אַסוּר ווָאס זִיא ווִיל בֶּעסֶער שְׁטַארְבִּין אֵיידֶער אוּיס זָאגִין אִים אַזָא סוֹר ווָאס נָאר פַאר גוּט פְרַיינְד שַׁאפְט צוּ אַפַאר שְׁוָוארְבֶּעגֶער ווָעלְכֶער זִיא הָאט פַאר שְׁפְרָאכֶען נִיט צוּ מְגַלֶה זַיין.

נָאר ווָאלְפֶע הֵייבְּט אָן ווַייטֶער צוּ רֵיידֶען. נֵיין נֵיין זָאגְט זִיא אִיךְ קֶען נִיט אִיךְ ווָעל נִיט זָאגִין, אִיךְ ווֶעל בֶּעסֶער גֵיין צוּ רָאזְשֶׁערִין לָאז עֶר מִיט מִיר טָאן ווָאס עֶר ווִיל, אִיךְ ווֶעל דָא נִיט זַיין צוּ שְׁטֶערֶען אַלִימֶען זֵייעֶר רוּה, אִיךְ ווֶעל שְׁטַארְבִּין אָאִיךְ ווֶעל בֶּעסֶער שְׁטַארְבִּין לָאמִיךְ נִיט זַיין קֵיינֶעם צוּ קַיין לַאסְט דֶער טוֹיט אִיז מִיר לִיבֶּער ווִיא מַיין רֶעבֶּען מִיט מַיין טוֹיט ווֶעט זִיךְ עֶנְדֶעקִין מַיינֶע בִּיטֶערִי אוּמְגְלִיקִין אִיךְ ווֶעל גֵיין צוּ רָאזְשֶׁערִין, זִיא חַאפְּט זִיךְ אוּף אוּנ לוֹפְט אַלִי הַאלְטֶען זִיא אוּיף זִיא רַייסְט זִיךְ אוּס אוּנ לוֹפְט ווַייטֶער, זָאגְט זִיא קֶערְט זִיא אוּם שְׁרַייט פְרִיצָערִין זִיא אִיז נִיט בַּיים גַאנְצֶען שֵׂכֶל זִיא אִיז גִידוּרְט פוּן דֶעם זוֹנוּן,

אָךְ אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע פְרוֹיא, אָךְ ווָאס הָאבּ אִיךְ דָאס גִיטָאן קָאם ווָאס מֶען דֶער יָאגְט זִיא, מֶען הַאלְט זִיא בַּייא דִיא הֶענְט מֶען בְּרֵיינְגְט זִיא צוּרִיק, זִיא רֶעט נָאר אוּם פַאר שְׁטַאנְדֶעגִי ווֶערְטֶער מֶען בַּארוּהִוגְט זִיא אַבִּיסֶעל מֶען פַאר זִיכֶערְט זִיא אַז כֶען ווֶעט פוּן אִיר שׁוֹין נִיט פָארֶערִין דָאס דָאזֶעגֶע.

קְלִימֶענְצִיֶע בֶּעט זִיא גֵייט מִיט אִיר אוּנ צִימֶער אַבִּיסֶל אוּיס צוּ רוּהוּן, זֵייא גֵייאָן אַווֶעק פְרִיצָערִין מִיט ווִיקְטָארִין בְּלַייבֶּען אִיבֶּער אַלֵיין זֵייא

הייבען

הײבֶּען אָן גוט אַרום קְלֶערִין זײַער יאַגֶע ׃

דֶער בַּארָאן זָאגְט װיקְטָאר מײן קִינְד דוא קָענְסְט נָאךְ דֶעם ראזְשֶׁערִין ניט דוא קֶענְסְט נָאר ניט דָאס הֶעלְד דוא מײנְסְט אַז עֶר פּורְט זײַנֶע לײט אַזוּ װיא אַפְּרָאסְטֶער רײבֶּער ׃ נײן עֶר שְׁטֶעלְט אױם זײן אַרְמֶיע װיא אַגְרוסֶער גילֶערִינְטֶער װיא אַגְרוסֶער קֶענִיר אונ דיא זַאכֶען מֶען מוז זָאגֶען דיא װארְהײט װָאלְט עֶר ניט גִיװֶען קײן רױבֶּער װָאלְט עֶר גִיװֶען אײן אָרִינְטְרֶעכֶער הָאט עֶר נִימֶענְט פַאר טְרֶעטִין אַשְׁטֶעלֶע פוּן אַגְרֶעסְטִין גֶענִירַאל מִיט אִים צו שְׁטְרײטֶען דארְף מֶען זיא גוט פַאר בְּרײטֶען עֶר הָאט שוין ניט אײן מָאל בַּאפַאלֶען אַזֶעלְכֶע שְׁטַארְקֶע פֶעסְטוּנְג װיא מײנֶע איז אוּנ הָאט זײא בּײא גִיקוּמֶען יָאר איךְ הָאף צוא גָאט אַז מִיט מײנֶע זַאפַּאס מִיט אוּנזֶערִי סְפָּאחָאבִּים, איךְ חָאטְשֶׁי איךְ בִּין אַלְט װֶעל איךְ זיךְ שְׁלָאגִין גוּט אָן גֶעמֶען אָבֶּער פִּירֶען אַשְׁטְרײט הָאב איךְ נָאךְ דַאנְקֶען גָאט ניט פַאר גֶעסִין ׃

אוּנ דוא װיקְטָאר אוּף דיר איז מײן גַאנְץ הָאפֶענוּנְג איךְ װײס גוּט דײן גֶעשִׁיקְטֶעקײט איךְ װײס דײן פַאר שְׁטַאנְד חָאטְשֶׁי איךְ הָאב מיךְ גֶעלֶערִינְט פוּן דֶעסְט װֶעגִין קֶענְסְטוּ בֶּעסֶר פוּן מיר, דֶער צו בִּיסְטוּ יוּנְג אוּךְ אַלֶע מײנֶע לײט מײן בִּיסֶעל מוּלוּטֶער זײא טוּנְ אַלֶע זײַער גוּט, מיר הָאבֶען זיךְ מִיט װֶעמֶען אוּנְטֶער צוּ שְׁפָּארִין, דוּא װֶעסְט שְׁטײן אוּפֶן פֶעסְטוּנְג אוּנ איךְ װֶעל זײן אוּנְװײנוּג איךְ װֶעל זֶעהֶען הִיטֶען דיר זָאל קײן זַאךְ ניט פֶעלִין, איךְ װֶעל שְׁטײן אוּנ גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען מֶען זָאל דיר אַלִיץ צו דֶער צײט דֶער לַאנְגֶען ׃

װָאלֶענְטִין איז אוּךְ ניט קײן שְׁלוּמֶעזַאלְנִיק עֶר װֶעט דיר דָארְטִין הֶעלְפֶּען, נָאר מֶען דארְף זֶעהֶען אוּנְזֶערֶע פְּרױעֶנְצִימֶער זָאלֶען ניט אָן

מאכען

מאכֶען קֵיין גֶערוּדֶער מִיט זֵייעֶרֶע גֶעשְׁרֵייאָן אוּנ גֶעוֵויינֶען אוּנ אַלֶע מָאל מִיט זֵייעֶר חַאלֶעשֶׁען, דִיא ווַייבֶּער זֶענִין אַלֶע אַזוֹ בַּייא אַמִינְסְטֶען צוּ פַאל מַאכֶען זֵייא. אָן דֶעם גְרֶעסְטֶען גֶעפִּילְדֶער, מֶען קְלֶערְט אָפּ פוּן דִיא פְּרוּעָ־צִימֶערְס וֶועגִין אַיין אוֹרְט וִויא זֵייא זָאלֶען זִיצֶען בְּשַׁעַת דֶער מִלְחָמָה בִּכְדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט זַיין אִין גוּפאָהר אוּנ זֵייא זָאלֶען נִיט מִישֶׁען צוּם שְׁטְרַייט, אוֹךְ הָאט מֶען זִיךְ גִינוּמֶען אִיבֶּער קוּקֶען אַלֶע פְּרַאפַּאסֶען אוּנ גִיוֶוער, מֶען הָאט צוּ נוֹיף גִירוּפֶען דָאס חַיִל מֶען הָאט זִיךְ צוּא גִיגְרֵייט צוּ דֶער נַאכְט וואַרְטֶען אוֹיף רָאזְשֶׁערִין מִיט זַיין בַּאנְדֶע.

ווִיא עֶס אִיז נַאכְט גִיוָוארֶען הָאט מֶען אוּם גִישְׁטֶעלְט גוּט דָאס חַיִל אוּנ אַלְדוּנְג הָאט מֶען אוּם גִישְׁטָעלְט אוֹיף דִיא עֶרְטֶער.

ווָאלֶיעֶנְטִינֶען הָאט מֶען אִיבֶּער גִילָאזְט אַכְטוּנְג גֶעבִּין אוֹיף אַלִימֶען אוּנ אוֹיף אַלְדוּנְג, אוּנ דֶער בַּארָאן וִויקְטָאר קְלִימֶענְצִיֶע אוּנ וָואלְפֶּע הָאבֶען זִיךְ פַּאר קְלִיבֶּען אוּנ וִויקְטָארְס צִימֶער דָארְטֶען פוּן פֶענְצְטֶער הָאט מֶען אַרוּם גִיזֶעהֶן דֶעם גַאנְצֶען פְּלַאץ צוּ קוּגֶענְרֶעצְקִין ווַאלְד פוּן ווַאנֶען עֶס דַארְפֶען אָן קוּמֶען רָאזְשֶׁער מִיט זַיין בַּאנְדֶע עֶס אִיז גֶעבְּלֶעבֶּן מֶען זָאל דָא צוּ זַאמֶען זִיצֶען אוּנ פַאר בְּרֵיינְגֶען עֶס זָאל נִיט שְׁרֶעפֶּערֶען בִּיז מֶען וֶועט דוּרְךְ דֶעם אָפֶּענֶעם פֶענְצְטֶער, דֶער הֶערִין אָן קוּמֶען רָאזְשֶׁערִין מִיט זַיין חַיִל.

דֶער בַּארָאן הָאט זִיךְ אָן גִינוּמֶען עֶפִּיס צוּ דֶער צֵיילֶען אוּנְס וָואס עֶס וֶועט נִיט לָאזֶען שְׁלָאפֶען דִיא אַלִי וָואס וֶועלֶען הֶערֶען: עֶר וֶועט דֶער צֵיילֶען זַיין גִישִׁיכְטֶע זַיין גַאנְצֶען לֶעבִּינְס בַּשְׁרֵייבּוּנְג, אוֹךְ וִויא אַזוֹ וִויקְטָאר אִיז צוּ אִים אָן גִיקוּמֶען, וִויא אַזוֹ עֶר הָאט אִים אִין ווַאלְד גִיפוּנֶען, דֶער בַּארָאן הָאט גִיפוּנֶען פַאר נֵייטֶעג צוּ מַאכֶען וִויסֶען זַיין גִישֶׁעכְטֶע פוּן אָנְפַאנְג בִּיז אִין לֶעצְט, עֶר הָאט גִיטְרַאכְט אַז מֶען וֶועט

ווִיסֶען

וויסען זיין היסטאריע , אונ וויא אזו ער האט גיפונען וויקטארין קען זיין אז דורך דעם וועט מען גיבער דער גיין ווער זענין זיינע עלטערען , אים האט זיך גיוואלט וויסען וואדום ער האט זיך גאר גיפארכט פילייכט זענין זייא אום ערלעבע לייט , האט ער גיקלערט טאמער וועט ער זייא קענין ארויף ברייגגען אופען גוטען וועג פאר וויקטארס חתונה ער זאל ניט פאר שענדען זיין גרויסע פאמיליע ער זאל ניט פאר פלעקין אויף אייביג זיין דור , אלע זענין דער פון זייער גערין גיוועזען איטלעכער באזונדער האט גיוואלט וויסען , נאר דיא פרויא וואלפע האט זיך שטארק גימינעט , וויקטארין האט גיקלאפט זייער שטארק דאס הארץ , ער האט דא גידארפט הערין זיין איינעני געשיכטע , אונ פאר בארגינע טרעפינונגין אין זיין קונדהייט , אונ דורך דעם וועט ער פילייכט שוין קענין וויסען זיין גיבארין אוך .

אונ קלימענציען האט אדונג זייער שטארק פאר נומען זיא האט שון ניט איין מאל גיהערט אז דיא טרעפעניששען פון איד אן הייב לעבין אויף דער וועלט איז אוך שרעקליך אז איר מוטער איז גוועזען אוך זייער אומגליקליך , אויך וויקטארס געשיכטע איז זיא אוך גוועזען זייער גערען צו וויסען זייא צו זעצין זיך אלע , עס איז שטיל גיווארען אלע דרייא האבען אויף גישטעלט דיא אויערין אונ אום גיגלאנצט דיא אויגען אופען באראן , איטליכער האט זיך אזו שטארק ארייין גילייגט מיט אלע גידאנקען , יעדער האט מורא גיהאט צו פאר לירען איין ווארט פון דעם בארונס געשיכטע .

ענדע פון דעם ערשטין טהייל

# אַקינד אין וואלד

אַ וואונדערליכע שיינע געשיכטע וואס האט זיך אַ מאָל איי
דער וועלט גיטראפין . וויא אזוי אַיין באראן האט אַ קינד
גיפונען אין אַוואלד , אונ פון דיא בערימטע רויבער
ראזשער מיט דער באנדע

—

## צווייטער טהייל

פון

י. פ. האלקין

זיטאמיר

געדרוקט בייא ה' י. מ. באקשט

הובא לבוז"ד ע"י פביל מאלדאווסקי

שנת תרלו לפ"ק

---

ДИТЬЯ ВЪ ЛѢСУ

ЖИТОМИРЪ
Въ Типогрфій И. Бакста
1875

מיין נאמען איז גנאנגען גאנץ ווייט גרוסי הערן פלעגין צו מיר זייער אפט קומן אפ געבין מיר כבוד נאר איך בין שטארק גרניעט גווארן אונ האב ניט גהאט קיין רוה פון פיל געסט וועלכע פלעגין צו מיר קומען אויך האב איך ניט ליב גיהאט זייער ערהע בין איך מיר אוועק נפארין אין אדארף וועלכן איך האב גקויפט איך האב גקויפט אופין ברעג פון טייך עלבע אונ סולועזע אפאהר יאהר האב איך דארטן פאר זאמט דער נאך האב איך ערהאלטען אשלעכטע נאכריכט אז מיין פאטער איז גשטארבען אונ דריבר האב איך גדארפט פארען אהער קיין בעהמען ארבן דיא גיטער נאך מיין פאטערס טוט איך האב פאר קויפט מיין דארף אונ בין גקומן אהער.

ו. .. איך בין בקאנט גווארען מיט איין הויז עס איז גוועזן איין אלמנה מיט איין איינציגי טאכטער וואס איר שיינהייט איז גאר ניט גוועזן אונטר דער זין אויך איז זיא גוועזן זייער קליג אונ מיט אלי מעלות וועלכע אמענש קען נאר האבן אויף דער וועלט וואס זאל איך אייך דער ציילן מייני ליבע קינדר איך קען אייך ניט פאר שטעלן וואס פאר איין איינדריק עס האט אויף מיר גימאכט איך בין גוועזן זייער רייך גרוס אונ דער וועלט דיא אלמנה מיט איר טאכטער זענין גוועזן ניט זייער פון רייכען שטאנד איך האב אבר גזעהן אז דיא צוצוליע קאן מיך גליקליך מאכען איך האב גטראכט אז דאס איז פאר מיר זייער אגיטער שידוך אזוי וויא איך בין אונ דעם הויז גוועזן וויא אבן בית האב איך במערקט אז דיא מוטר בגעהט זיך מיט דער טאכטר זייער גראב עפים זעה איך אז צו ווישען זייא איז ניטא קיין ליבשאפט אזו וויא עס דארף צו זיין איך זעה דיא מוטער היט דיא טאכטר איר טריט אזוי וויא אגרויסע פאר ברעכן מיך האט דאס פאר דראסן איך

האב

הָאבּ גִזעֶהֶן אַז צוּ לִיבּ דֶעם הָאט נֶעבִּיךְ דָאס מֵיידִיל נִיט קֵיין פְרֵיילֶךְ פָּנִים אִיךְ הָאבּ אַמָאל גְמַאכְט אוּמֶעסְטְנֶע מִיט דֶער אַלְמָנָה וֶועגִין דֶעם אַרֵיידֶע מַאדַאם עֶרֶנְעסְט זָאג צוּ אִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ אוּם פֶערְצַייהוּנְג וָואס אִיךְ וִויל אַייךְ פְרֶעגִין אַזוֹנְס וָואס עֶר קֶער זִיךְ מִיט מִיר גִיט אָן עֶס טוּט מִיר בַּאנְק אוֹיף אַייעֶר טָאכְטֶער אִיךְ הָאבּ זִיא קֵיין מָאל פְרֵיילֶךְ נִיט גִזעֶהֶן שְׁטֶענְדִיג טְרוֹיעֶרְט זִיא אִיךְ בַּמֶערְק אַז דָאס אִיז נָאר וַוייל זִיא הָאט פוּן אַייךְ הֶערֶענְטֶע נִיט קֵיין הִתְחַבְּרוּת אִיר זֶענְט דָאךְ אִיר אַמוּטֶער זִיא אִיז אַייעֶר אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער מִיט אַייעֶר אוֹיף פִיהרוּנְג עֶרְגֶערְט אִיר זִיא. אוּנ דָאס שָׁאדְט אוֹיךְ צוּ אִיר גְזִינְט מִיךְ וואוּנְדֶערְט הֶערֶנְטֶע אוֹיף אַייךְ דַאכְט זִיךְ אַזַא עֶרְלֶכֶע אַזַא גוּטֶע אַזַא פְרוּמֶע וִויא אַייעֶר צִילְצוּלֶע אוּנ אִיז דֶער צוּבַּייא אַייךְ אֵיין אֵיינְצֶגִי הָאט אִיר זִיא גְדַארְפְט זֵייעֶר לִיבֶּען אוּנ הִיטֶען זִיא פוּן קוּמֶער אוּנ פַּיין,

אַךְ מַיין הֶער הָאט זִיא צוּא מִיר גְזָאגְט אִיר זֶענְט זֵייעֶר אוּנ טָעוּת אוּנ מַיין טָאכְטֶער אִיר ווייסְט נִיט נָאר נֵיין אִיר פֶעלְט נָאר אַגִיטֶער מַדְרִיךְ זִיא דַארְף הָאבֶּען אַמֶענְשֶׁן וָואס זָאל זִיא פִירֶען אוּנ אַרֶעכְטֶן וֶועג זִיא הָאט גְקֶענְט זַיין אַזוֹ וִויא אִיר זָאגְט.

לִיבֶּער בַּארָאן נֶעמְט נִיט פַאר אִים גִיט וָואס אִיךְ וֶועל פוּן אַייךְ פָאדֶרֶן אוּב מַיין טָאכְטֶער אִיז אַייךְ גְפֶעלִין זָאלְט אִיךְ זִיךְ גְרֶעכֶנְט גְלִיקְלֶעךְ אַייךְ פַאר מַיין אֵיידֶם צוּ הָאבֶּען אִיר בְזָאלְט מַיין טָאכְטֶער הֵייראַטִין זִיא וָואלְט פַאר אַייךְ גְלִיקְלֶעךְ גְוֶוען אִיר וָואלְט מִיט אִיר אוֹךְ גְלִיקְלֶעךְ גְוֶוען אִיךְ בִּין גִיוֶוען אוֹסֶר זִיךְ פַאר שִׂמְחָה פוּן דִיא דָאזִיגִי רֵייד פוּן דֶער אַלְמָנָה וֶוען אוֹיךְ זִיא הָאט אַרַיין גְמִישְׁט אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואס הָאבֶּען מִיךְ גְדַארְפְט אַרַיין ווַארְפֶען אוּנ אַסְפֵק אוּנ וָואס הָאבֶּען גִישֶׁעגְדְט אִיר טָאכְטֶער נָאר אִיךְ הָאבּ דָאס אָן גְהַאנְגֶן אִין דֶעם וָואס

זיי

זַייא הָאבְּעֶן צוּ ווִישֶׁען זִיךְ קֵיין שָׁלוֹם נִיט גִיהַאט אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גְלָאזְט פִיל אִיבֶּר רֵיידִין אוּנ בִּין בַּאשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא רֵייד פוּן אִיר פַרְעגֶסְט נָאר אִיךְ הָאבּ אָבֶּר גִימוּזְט צוּ פָאר ווִיסֶען צוֹא ווִיל צִילְצוּלֶע דְרוֹיף בַּשְׁטֶעהֶן דְרוּם הָאבּ אִיךְ גְמוּזְט מַאכֶען אַרֵיידֶע אַלֵיין מִיט דִיא כַּלָה אוּנ הֶערִין אַלֵיין פוּן אִיר בַּיי וָואס הַאלְט זִיא קוּרְץ אִיךְ הָאבּ אָן גְהוֹיבִּין מִיט אִיר צוֹא שְׁפְּרֶעכֶן לִיבֶּע צִיצֶעלֶע הָאבּ אִיךְ אִיר גְזָאגְט אַזוֹי אִיךְ הָאבּ מִיט אַייךְ עֶפִּיס וָואס גֵייטִיג צוּ רֵיידִין אִיךְ בֶּעט אַייךְ מִיךְ אוֹיס צוּ הֶערֶן רֶעדְט מַיין הֶער אִיךְ הָארְךְ זָאגְט זִיא אַייעֶר מוּטֶר הָאט מִיר פָארְגֶעלֵייגְט אַז אִיךְ זָאל אִיר אֵיידִים וֶוערִין אִיךְ אַלֵיין רֶעכֶן פַאר אַגְרוֹסִין גְלִיק אַייךְ הַיירַאטֶען אִיךְ מוּז אַייךְ דִיא גַאנְצֶע וָוארְהַייט זָאגֶן אַז מַיין לִיבְּשַׁאפְט צוּ אַייךְ אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְק נָאר אִיךְ מוּז דָאךְ אָבֶּער ווִיסֶען צוּ זֶענְט אִיר בַּאווִילֶגְט מִיךְ גְלִיקְלֶךְ צוּ מַאכֶן ·

אָ! אִיךְ וֶועל זַיין מִיט אַייךְ דֶער גְלִיקְלֶעכְסְטֶער אוּנ דֶער וֶועלְט אוּנ אִיר מַיין הֶער בַּאווִילֶגְט צוּ הַיירָאטֶען אַיין אוּמְגְלִיקְלֶךְ מֶעדְכִין וֶועלְכֶע הָאט שׁוֹן אָן גְוָוארֶען אַלֶעס וָואס אִיר אִיז לִיבּ אַלֶעס וָואס עֶס זָאל נָאר קֶענִין אִיר לֶעבִּין מַאכֶן פְרַייא וָואס הֵייסְט הֶערֶענְטֶע וָואס הָט אִיר אָן גְוָוארֶען אַלֶעס וָואס אַייךְ אִיז לִיבּ וֶוען אִיר הָאט נִיט קֵיין פָאטֶר אָבֶּר אַייעֶר מוּטֶער בִּיז הוּנְדֶערְט יָאהר לֶעבְּט נָאךְ זִיא טוּט דֶער בַּייא אַגְרוֹסֶן זִיפְץ אוּנ זָאגְט אַמוּטֶר הָאבּ אִיךְ אָבֶּר אִיר וֵוייסְט נִיט מַיין הֶער אִיר וֵוייסְט נִיט נָאר גֵיין אִיר וֶועט פוּן מִיר נִישְׁט ווִיסֶן אִיךְ הָאבּ גְרֶעכֶנְט אַז דָאס גֶעהֶט אַלֶץ אַשְׁמוּעֶס וֶועגִין דֶעם אוּנ פְרִיד צְווִישֶׁן אִיר מִיט אִיר מוּטֶר דְרוּם הָאבּ אִיךְ זִיךְ נִיט גְוָואלְט דֶער פְרֶעגִין וָוארוּם וָוס גֶעהֶט דָאס מִיךְ אָן בַּייא מִיר וֶועט אִיר קֵיינֶר נִיט זַיין דֶער ווִידֶער אִיךְ הָאבּ מִיט אִיר וַוייטֶער גְרֶעט אוּנ הָאבּ אִיר גְגֶעבִּין צוּ פַאר שְׁטֶעהֶן ווִיא

ווייט

וַוייט אִיךְ הָאבּ זיא לִיבּ אִיךְ וֵויים נִיט וָואס עֶס אִיז נָאךְ פָּאר גְּגַאנְגֶן צְווִישֶׁן אִים דֶער מוּטֶער אוּנ דֶעם אֶנְזִיכְט פוּן אוּנְזֶער הֵיירָאטֶען אִיךְ וֵויים נָאר דָאס אַז צוּם עֶנְדֶע הָאט זִיא בַּאוִוילֶגְט מִיט מִיר הַתְּנָאִים צוּ הָאבֶּן אוּנ עֶטְלֶכִי חֳדָשִׁים נָאךְ אוּנְזֶער הַיירָאטֶע אִיז מַיין שְׁוִויגֶער גְּשְׁטָארְבֶּן מַיין וַוייבּ הָאט נָאךְ דֶער מוּטֶער גָאר וֵויינֶעג גְּטְרוֹיעֶרְט אַזוֹ זֶענִין זֵייא גְּוֶועזֶן נִיט שָׁלוֹם צְווִישֶׁען זִיךְ מִיךְ הָאט דָאס זֵייעֶר שְׁטַארְק גְּוִוינְדֶערְט אִיךְ וֵויים אַז צִיצוּלֶע אִיז זֵייעֶר אַגוּטֶע אפְרוּמֶע זָאל זִיא נִיט זָארְגֶען נָאךְ אִיר אֵייגֶענֶר מוּטֶר אָבֶּר דֶער נָאךְ הָאבּ אִיךְ אָן גְּהוֹבֶּן פוּן אִיר אַרוּם זֶעהֶן נָאךְ ווִינְדֶרְלֶכֶע זַאכֶן וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּן מִיךְ גִּינֵייט טְרַאכְטֶען אוּף אִיר אַז זִיא אִיז נִיט עֶרְלִיךְ אַזוֹ וִויא אִיר וֶועט וַוייטֶער הֶערִין :

דִיא שֶׁעמְסְט זִיךְ מַיין טָאכְטֶער צוּ הֶערִין אַז דִיא הָאסְט גִּיהַאט אַיין אוּמֶערְלֶכִי מוּטֶר נַיין :

מַיין טָאכְטֶר נֵיין שְׁרֶעק דִיךְ נִיט דִיא הָאסְט גִּיהַאט זֵייעֶר אַיין עֶרְלֶכִי זֵייעֶר אַפְרוּמֶע מוּטֶר נָאר אִיךְ זִינְדֶעקֶער מֶענְטְשׁ אִיךְ בִּין אוּנ אִיר אוּנ טָעוּת גְּוֶועזֶן אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט דֶער נָאךְ דֶער גַאנְגֶען וִויא אַזוֹ זִיא אִיז עֶרְלִיךְ גְּוֶועזֶן הֶערְט קִינְדֶר מַיין אוּמְגְלִיק עֶס אִיז מִיר זֵייעֶר שְׁוֶוער צוּ דֶער צֵיילֶען מַיין חַארְץ בַּאגִיסְט זִיךְ מִיר מִיט בְּלוּט אַז אִיךְ דֶער מַאן זִיךְ נָאר אוּנ אַיָאר אַרוּם נָאךְ אוּנְזֶער הַיירַאטֶען הָאט מִיר מַיין לִיבֶּע צִיצוּלִיעֶ גִּיהַאט אַטָאכְטֶר דָאס בִּיסְטֶע מַיין לִיבֶּע קְלִימֶענְצִיעֶ מַיין וַוייבּ פְלֶעגְט דִיךְ אִיבֶּר לָאזֶען אוּנ פְלֶעגְט עֶרְגִיץ אַוֶועק גֵיין אוּף אַגַאנְצֶען טָאג . פְלֶעגְט קוּמֶען זֵייעֶר פַאר זָארְגְט אוּנ פַאר קוּמֶערְט אַז אִיךְ פְלֶעג זִיא פְרֶעגִין וִויא זִיא אִיז גְּוֶועזֶן פְלֶעגְט זִיא מִיר עֶנְטְפֶרֶן מִיט כַּעַס אַז דָאס הָאט צוּ מִיר נִיט אִיךְ בִּן דְרוֹיף זֵייעֶר בֵּייז גְּוֶועזֶן גָאר אִיךְ הָאבּ

גשוויגן

גישְׁוִויגֶען אוּנ הָאבּ זִיךְ גְנוּטֶען נָאךְ צוּא שְׁפּוּרוֹן ווִיא הִין זִיא גֵייט אִיךְ הָאבּ זִיךְ שְׁטַארְק צוּ גְזֶעצְט מִיט גוּטֶען אִינ מִיט בֵּייזֶען צוּ אִיר לַייבּ דִינֶערֶן וֶועלְכֶע פְּלֶעגְט מִיט אִיר אוֹיךְ גֵיין זִיא הָאט מִיר דֶער צֵיילְט אַז זַייא גֵייעֶן בִּיז צוּא דֶעם וואהנוּנג פוּן דֶער אָטְקוּפְּשְׁצִיצֶע וָואס אִיז גִישְׁטַאנֶען נִיט וַוייט פוּן דַאנֶען דָארְטֶען טְרֶעפֶּען זַייא אַיוּנְגֶען מַאן מִיט וֶועלְכֶן צֶעצִילְיֶע פַאר בְּרֵיינְגְט דָארְטֶן עֶטְלֶכֶע שְׁטוּנְדֶען אִיךְ בִּין גָאר אוֹיף גִבְּרַאכְט גְוָוארֶען פוּן דֶער עֶרְצֵיילוּנְג אִיךְ הָאבּ פַאר זָאגְט דֶער דִינֶערֶן זָאל נִיט ווִיסֶען וָואס זִיא הָאט עֶס מִיר דֶער צֵיילְט אוּנ בִּין טַאקִי דֶעם אֵייגֶענֶם טָאג נָאךְ גְגַאנְגֶן נָאךְ אִיר ׃

אִיךְ קוּם אַרַיין אַהִין אוּנ גֵיי דוּרְךְ עֶטְלֶכֵי טִירֶען אוּנ גֵייא אַרַיין אוּנ צִימֶער אוּנ טְרֶעף דָארְטֶען זִיצֶען מַיין וַוייבּ מִיט אַיוּנְגֶען מַאן הַאלְטֶען זִיךְ פַאר דִיא הֶענְד אוּנ הַאלְטֶן אַקִינְד פוּן אַפָּאר יָאר אוֹפִין שׁוֹיס מַיין וַוייבּ קִישְׁט דָאס קִינְד אוּנ וֵויינְט אִיבֶּער אִים אוּנ רוּפְט אִים מַיין זוּן מַיין טַייעֶרֶר זִין אִיךְ הַאפּ אוּנ צָארֶן אַרוֹס דֶעם שְׁוֶוערְד פוּן דֶער שֵׁייד אוּנ וַוארְף זִיךְ אוֹפִין יוּנְגֶען מַאן צִיצִילְיֶע וַוארְפְט זִיךְ צוּ ווִישֶׁען אוּנְז אִיךְ הָאבּ מִיט צָארֶן גְטְרָאפֶען דֶעם יוּנְגִין מַאן אַזוֹ שְׁטַארְק אַז עֶר אִיז בַּאלְד גְפַאלֶן טוֹיט ׃

צִיצִילְיֶע הָאט זִיךְ גְשְׁטֶעלְט אַקֶעגְין דֶער שְׁוֶוערְד צוּ פַאר שְׁטֶעלֶן דֶעם יוּנְגֶן מַאן הָאבּ אִיךְ אִיר אוֹיךְ אוּם גֶערִין גְטְרָאפֶען זִיא אִיז אוֹיךְ גְפַאלֶען נָאר נִיט טוֹיט אִיךְ הָאבּ זִיא בַּאלְד גְהֵייסֶען אַוֶועק טְרָאגֶען צוּ מִיר אוּנ שְׁלָאס דָאס קִינְד אִיז דָארְטֶען גִיבְּלִיבֶּן אִיךְ בְּרֵיינְג זִיא אוּנ אִיר שְׁלָאף צִימֶער אוּנ הֵייבּ זִיא אָן זֵייעֶר שְׁטַארְק צוּ זִידְלֶען אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט אַכְטוּנְג גְגֶעבִּין אַז עֶס רִינְט פוּן אִיר דָאס בְּלוּט אוּנ זִיא אִיז שׁוֹן בַּאלְד טוֹיט זִיא עֶנְפֶערְט מִיר מִיט אַשְׁוַואךְ קוֹל אָךְ גַזְלָן

דיא

דִיא הָאסְט מִיט דַיין צָארְן גְטֵייט צְווֵייא אוּמְשׁוּלְדֶגִי נְפָשׁוֹת נָאךְ אוּמְשׁוּלְדִיג הֵייסְט דָס אָט דָאס הֵייסְט אוּמְשׁוּלְדִיג דִיא הָאסְט פַאר כַּעַס נִיט גְפָארְשְׁט וָואס אַלֶעס בַּאטַייט אוּנ הָאסְט אוּנְז בֵּיידִי גְטֵייט מִיר זֶענִין בֵּיידִי רֵיין פוּן זִינְד פְרִיעֶר הָאסְטוּ מִיר אוּנ אֵיינֶם מִיט מַיין מוּטֶר פַאר בִּינְדֶען דִיא יָארֶען הַיינְט הָאסְטֵי מִיךְ גְטֵייט אוּמְזִיסְט גָאר אוּמְזִיסְט גָאר אוּמְזִיסְט הֶער אוֹס וֶועסְטוּ וִויסֶען מִיט דֶעם יוּנְגֶען מַאן וָועלְכֶר הֵייסְט מִיטֶען נָאמֶן פְרוּקְס הָאבּ אִיךְ חֲתוּנָה גְהַאט מִיט עֶטְלֶכִי יָאר צוּ רִיק אֶן מַיין מוּטֶרְס וִויסֶן זִיא הָאט נִיט גְטָארְט וִויסֶן דֶער פוּן זִיא הָאט נִיט גִיקוּקְט אוֹיף אַשִׁידוּךְ נָאךְ מַיין הַארְצֶן זִיא הָאט גִיקוּקְט אוֹף גְרוֹיסְקֵייט אוֹף רַייכְקֵייט דֶער יוּנְגֶר מַאן אִיז אָבֶּער גְוֶועְן נִיט פוּן רַייכֶען שְׁטַאנְד נָאר צוּ זַיין עֶרְלִיכְקֵייט אִיז נִיט גְוֶועְן קַיין גְלַייכִין אִיךְ הָאבּ אִים לִיבּ גִיהַאט וִויא מַיין לֶעבִּין מַיינִי אַמִימֶע זֵייעֶר אַגָאנְטְס פָארְבְּטֶגִי הָאט מִיט לֵייד גְהַאט מִיט מִיר אוּנ הָאט אוּנְז שְׁטִילֶער הֵייט חֲתוּנָה גְמַאכְט אָבֶּר אַז מַיין מוּטֶר אִיז דֶער פוּן גְוָואר גְוָוארֶען הָאבּ אִיךְ מִיט מַיין מַאן אִיבֶּער גְטְרָאגֶען גְרוֹיסִי צָרוֹת מִיר הָאבֶּן זִיךְ גְזֶעהֶן נָאר בַּאהַאלְטֶענֶר הֵייט קֵיינֶר הָאט נִיט גְטָארְט וִויסֶען וָואס אִיךְ בִּין אַפַּאר הַיירַאטֶע אוּנ אַיָאר אַרוּם הָאבּ אִיךְ גְהַאט אַקִינְד דָאס קִינְד הָאבּ אִיךְ גְמוּזְט בַּהַאלְטֶען פוּן מַיין מוּטֶר בַּייא דֶער אָטְקוּפְשְׁצִיצֶע, מַיין מוּטֶער הָאט אָבֶּער אַזוֹי לַאנְג גְסְטְרָאיֶעט מַאשִׁינֶס אַז מַיין מַאן הָאט גִימוּזְט אַנְטְלוֹיפֶן, עֶרְשְׁט פַאר אַ יָאהְרֶן אִיז מַיין מַאן גְקוּמֶען, מַיין מוּטֶער הָאט מִיךְ גְנֵייט גֶעטִין זִיךְ מִיט אִים אוּנ פַאר דִיר חַתוּנָה הָאבֶּן מַיין גְלִיבְּטֶער הָאט נִיט גְקֶענְט צוּ זֶעהִין מַיינֶע צָרוֹת וָואס אִיךְ בִּין אוֹיס גִישְׁטַאנֶען פוּן מַיין מוּטֶער, אוֹיךְ הָאט עֶר זִיךְ פַאר אִיר גְפָארְכְט: עֶר הָאט גִימוּזְט בַּאשְׁטֵיין דְרוֹיף צוּ גֶעטִין מִיךְ, נָאר מִיט דֶעם בַּאדִינְג, אַז אִיךְ זָאל אָפְט קוּמֶן צוּ דֶער אָטְקוּפְשְׁצִיצֶע

מִיר

מיר זאלען זיך דארטין אין איינעם מיט אונזער קינד זעהין, אונ דיא אטקופשציצע זאל אויך זיין דער בייא, אט אין דעם שטאנד האסטו אונז גיטראפין . . .

מיינע כוונות ענדיקע זיך שוין מיר, אין מיין קאבינעט אין אקליין קעסטלע וועסטו געפינין מיין כתובה מיט מיין געט אונ אלע בעווייזין אויף אונזערע אומשילדקייט אך מיין ליבער פריקס איז נישטא! דוא ביסט נישטא, מען האט אונז צו שיידט מיט דיר . . . אבער ניין, מע וועט אונז ניט צו שיידין, איך גיה אויך צו דיר מיין גליבטער . . דער טויט וועט אינז איבער נייס פאר אייניגען. מיר וועלען זיך שוין מער קיין מאל ניט שיידין, דארטן דארטען . . . בייא דיא ווערטער האט זיא אויף געהייבען א טאמנעם קוק צום הימל דער נאך קוקט זיא ווייטער אויף מיר מיט שרעקליכע אויגין דער טויט האט שוין בארעקט איר אן גיזיכט. זיא האט מיר נאך אוים גירעט אט דיא עטליכע ווערטער וועלכע מען האט קאם גיהערט: פאר לאזט תאטשי ניט אינזער קינד : . . דעם ביטערין יתום . . . דעם אומגליקליכין . . . זייט אים אפאטער . . . פאר געסט ניט . . . זיא האט מער ניט געקענט ריידן איך האב ערשט דער זעהין אז זיא איז פאר בייא, איך האב איר גיוואלט גיבען הילף, איך האב זיך אוועקגיטאן צו איר מיט אגרוים גיוויין, איך האב ערשט געזעהן וויא שלעכט איך האב גיטאן. א! צעצילע צעצילע! עס העלפט אבער נישט, נישטא זיא שוין מער, זיא לעבט מער ניט . . . איך האב זיא גיטויט! אך, אומשילדיגער ליב האבער! איך האב אייך ביידין גיטויט. אך אך, צעצילע! פאר וואס האסטו מיר ניט גזאגט פריער דיא ווארהייט? וואלסטו דאך גילעבט אויף דער וועלט, פאר וואס האסטו מיר ניט דער ציילט נאך פאר

אונזר

אוּנזֶער תַּחוּנָה ? אִיךְ וָואלט אַייךְ נִיט דֶער לָאזְט גֶעטִין , אִיךְ וָואלְט דִיךְ נִיט גִינוּמֶען ... נָאר וָואס הָאבֶּען מִיר גְהָאלְפֶען אַלֶע רֵייד מִיט מַיין גִיוֵויין , דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען נִיט לֶעבֶּעדִיק וֶוערִין ! אִיר קֶענְט אַייךְ פָאר שְׁטֶעלִין אִין וָואס פַאר אַלַאגֶע אִיךְ בִּין דֶעמָאלְט גִיוֶועֶן , אִיךְ הָאבּ גְשִׁיקְט בַּאלְד נֶעמִין צוּ מִיר זֵייעֶר קִינְד , אָבֶּער מֶע הָאט אִים נִיט גְפוּנִין מֶע הָאט אִין יֶענֶעם הוֹיז שׁוֹין נִיט גִיפִינִין , קֵיין לֶעבִּידֶעקִין מֶענְטְשִׁין , אוֹיךְ נִיט דֶעם טוֹיטֶען קֶערְפֶּער פוּן פְּרִיקְסֶען , דִיא לַייט פוּן דֶעם הוֹיז הָאבֶּען זִיךְ פַאר מִיר זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין , אוּנ זֶענִין גָאר פַאר שְׁווִינְדֶען גִיוָוארֶען פוּן דֶעם גֶעגֶענְד , וֶועלְכֶע מִיה אִיךְ הָאבּ צוּ גְגֶעבִּין אָפּ צוּ זוּכִין דָאס קִינְד , דִיא אָנְזְקוּפְּשְׁצִיצֶע , עֶס הָאט אָבֶּער נִישְׁט גִיהָאלְפֶן , אִיךְ הָאבּ גִיוֵויינְט , גִיקְלָאגְט , גִיטְרוֹיעֶרְט , אִיךְ בִּין אוּם גִינַאנְגֶען טָאג אוּנ נַאכְט וִויא אַדוֹלֶער , אִיךְ הָאבּ גְפִילְט אַז אִיךְ דַארְף זִיךְ רִידִין פוּן זִין , אִיךְ הָאבּ גִיזוּכְט דֶעם טוֹיט וִויא מִיט לִיכְט , וִויא קַיִן וָואס הָאט גִיהַרְגִית זַיין בְּרוּדֶער הֶבֶל ... אִיר וֵויינְט קִינְדֶער , אִיר וֵויינְט הֶערִינְדִיק . בַּייא מִיר הָאט זִיךְ שׁוֹין אוֹיס גִינוּמֶען דֶער קְוַואל פוּן מַיינֶע טְרֶערִין , מִיר בַּאגִיסְט זִיךְ נָאר מִיט בְּלוּט מַיין הַארְץ , אַז אִיךְ דֶער מָאן זִיךְ . אִיךְ , וָואלְט דֶענְסְמָאל זִיכֶער עֶנְפֶּער אַרָאפּ פוּן זִינֶען אָדֶער אַרַיין אִין גְרוּבּ , נָאר דוּא וִויקְטָאר , דוּא הָאסְט מִיךְ גְלָאזְט לֶעבִּין אוֹיף דֶער וֶועלְט , דוּא הָאסְט מִיךְ אַבִּיסִיל גִימַאכְט פַאר גֶעסִין מַיינֶע צָרוֹת , דֶער מִיט , וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ גְפוּנִין :

וִויקְטָאר הָט מִיר אַבִּיסֶל אִיבֶּער גִיהַאקְט מַיינִי טְרוֹיעֶרִיגֶע גְדַאנְקֶען . נָאר אִיר וֶועט הֶערִין מַיינֶע פְּרַיינְט , וָואס אִיךְ בִּין נָאךְ אוֹיס גְשְׁטַאנֶען , וִויא אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ עֶס אִיז גִיוֶועֶן אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ דִיךְ גִיבְּרַאכְט צוּ זִיךְ

זיך נאין הויז, איידער איך האב דיך, ביא מיר איין גיפעסטיגט פאר מיין קינד.

## 2

## דיא ערשטע נאכט אין וואלד

וויא איינגענהמען איז דעם מענטשין, וויא זיס אונ ציטלעך איז אים, אז ער טוט גוטץ, ער פיהלט אזא שטארקע הנאה, פון זיין ווערק, עפעס געהט אים איבער, איבער זיינע ביינער אהיילינע גישמאקע גיפיהל, עס ווערט אים קלאהר דער מוח, דיא גידאנקען ריין, ער ווערט אויסער זיך פאר שמחה, פאר קערט אבער, אז אמענטש טוט איין עבירה, אז ער טוט שלעכטס, ליגט איהם שטענדיק וויא אשמיין אופען הארצין, זיינע גידאנקין לאזין אים ניט רוהען אים איז ניט ניחא דאס לעבין ער וואלט זיך עפעס ביין אן גיטאן. עס רייסט אים דם הארץ*) ווען ווערט אים ערשט גרינגער, אז ער פאר דולט זיינע שלעכטע מעשים מיט גוטע מעשים וואס ער טוט דער נאך, דעמאלט ערשט קען ער זיך ביקלעך וויים טרייכטין פון דעם שלעכץ וואס ער האט גיטאן, אונ דאס אלעס קען מען ארויס זעהין פון דעם בארגנס געשיכטע אזוי וויא ער וועט דא באלד דער ציילין. אונ דאס וואס מע זעהט אז שלעכטע זינדיגע מענטשין טואין שלעכץ איינם נאך אנדערין, אונ זייערע גיפיהלן צו רייסן גאר ניט זייער

הארץ

*) וויא אונזערע חכמים זאגין אין פרקי אבות, שכר מצוה מצוה, ושכר עבירה עבירה, דאס הייסט דער גיצאלט פון דער מצוה אוף דער וועלט איז דיא הנאה וואס מען האט פון דער מצוה גופא, דאס הייסט וואס ער האט גיטאן אגיטע זאך. אונ דער איבר זאגט ירמיה הנביא תיסרך רעתך, דאס הייסט דיין שלעכטס גופא וועט דיך שטראפן.

הארץ,' זייא טְרוּיעֶרִין נִיט דֶערוּיף, עֶס אַרְט זֵייא גָאר נִיט, דָאס אִיז ווייל זייא פַאר דוּלְען זֵייעֶרע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים מִיט נָאךְ שְׁלֶעכְץ וָואס זֵייא טוּאִין דֶער נָאךְ וַוייטֶער"") .

דֶער בַּארָאן פְּרִיצֶערִין דֶער צֵיילְט וַוייטֶער : קְלִימֶענְצִיֶע הָאט שׁוֹין אוּיס גיהֶערְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע וָואס צוּ אִיר גִיהֶער מֶער וִויא צוּ דִיא אִיבֶּרִיגֶע, הַיינְט הָאט וִויקְטָאר נָאךְ מֶער אַ טְרוּיעֶרִיג פָּנִים גִיקְרִיגִין, אוּיךְ וָואלְפֶע אִיז פַּארְטִיפְט גִיוָוארִין זֵייעֶר אִין אִירֶע גִידַאנְקֶען, זִיא הָאט אָן גִישְׁטֶעלְט דִיא אוּיעֶרִין הֶערִין גְלַייךְ וִויא מֶע וֶועט דָא דֶער צֵיילִין אִיר אֵייגֶענֶע גְשִׁיכְטֶע, דֶער פָּנִים אִיז אִיר גִיוָוארִין בְּלֵייךְ, דָאס הַארְץ הָאט זִיךְ אִיר אוּף גִיהֵייבִּין פַאר נְרוּיס קְלָאפֶּענִישׁ .

"אִיךְ הָאבּ מִיר קַיין אָרְט נִיט גִיפוּנִין, (זָאגְט פְּרִיצֶערִין . וִויא צוּא בַּאהַאלְטִין זִיךְ פַאר מִיר אַלֵיין, אִיךְ הָאבּ גִיזוּכְט עֶרְטֶער וִויא קַיין מֶענְטְשִׁין גֶעהְן נִיט אַרוּם, אִיךְ וָואלְט זִיךְ בֶּעסֶער מַאכֶען אַ וואנוּנְג צוּ וְוישִׁין דִיא חַיוֹת פוּן פֶעלְד .

דִיא גַאנְצֶע נַאכְט פְלֶעג אִיךְ לִיגִין אוּנ פְלֶעג זִיךְ וַוארְפִין פוּן אֵיין זַייט אוּיף דֶעם אַנְדֶערִין, קַיין שְׁלָאף פְלֶעגְט נִיט קוּמִין אוּיף מַיינֶע אוּיגֶן, צֶעצִילְיֶע מִיט פְּרוּקְקֶען פְלֶעגְט מִיר נִיט אַרוּיס פוּן זִינֶען, אַז אִיךְ פְלֶעג נָאר צוּמַאכֶען דִיא אוּיגִין, נָאר אָן הֵייבֶּן צוּ דְרֶעמְלִין' פְלֶעגְט זִיךְ מִיר פָארְשְׁטֶעלִין אַז פְרוּקְס אוּנ צֶעצִילְיֶע שְׁטֶעהִין אַקֶעגִין מִיר מִיט בֵּייזִין אָן גִיזִיכְט . זֵייא שְׁטְרָאפִין מִיךְ, זֵייא שֶׁעלְטִין מִיךְ, זֵייא וַוארְפִין זִיךְ

אוּף

"") אוּנ דער איבער זאגין דיא חכמים „כיון שעבר אדם עבירה ושנה בה וכו' נעשה לו כהיתר" דאס היסט אז אמענטש טוט שלעכטס איין מאל, אונ דעם אנדערין מאל, פיהלט ער שוין ניט אז דאס איז שלעכטס, אים ווייזט זיך אויס אז מען מעג שוין דאס טאן .

אויף מיר שׁלאָגֶן מיךְ, איךְ אַנטלויף, זייא לויפֿין מיר נאָךְ, זייא צופּין מיךְ, זייא רייסֶן מיךְ, דאַכט זיךְ זייא שׁלעפּין מיךְ מיט זיךְ אין קֶבֶר, איךְ וויין איךְ בֶּעט זיךְ בּייא זייא, איךְ פֿאַל אויפֿן פָּנים, צֶעצילֶיע דֶער מאָנט מיר דאָס קינד, דֶעם זון אירין זאָל איךְ זיין אָפּאָטֶער, דֶעמאָלט וועט זיא מיר מוחל זיין אויף זייער טויט. אונ אַזוי פֿלֶעג איךְ זיךְ אופּהאַפּין אונ ווייטֶער ניט קענין שׁלאָפֿין. איךְ פֿלֶעג אַזוי גֶערין זיין אַז איךְ פֿלֶעג דֶער זעהין דיא ליכט פֿון דֶעם טאָג, גלייךְ איךְ וועל עֶפּעס קענין גיהאָלפֿין ווערין, דעם גאַנצין טאָג פֿלֶעג איךְ אַרוּיס גיין פֿליקין דיא האָר פֿון בּאָרד, אונ בּייסֶן דיא נֶעגיל, פּראָסט איךְ פֿלֶעג זיין וויא אַצומישׁטֶער, איךְ פֿלֶעג פֿאַר קֶערט גֶערין דער האַרין דיא נאַכט, טאָמֶער וועט מיר דער שׁלאָף פֿאַר היילין אַבּיסיל מיינֶע שׁמֶערצין, איךְ האָב דֶענסטמאָל זיךְ מֶער ניט גיוויגשׁין אַז איךְ זאָל גיפֿינין צֶעצילֶעס קינד, איךְ האָב אויף זיךְ גינומין אויפֿזוכין אים אונ מאַכין אום גליקליךְ, איךְ זאָל דער מיט שׁטילין דֶעם צאָרין פֿון ציצילֶען, זיא זאָל מיר מוחל זיין אויף איר בּלוט, וואָס איךְ האָב פֿאַר גאָסין, איךְ האָב אים אָבֶער אוים גיזוכט די וועלט אונ האָב אים ניט גיפֿונֶען, איךְ האָב זיךְ שׁוין ניט גיריכט אַמאָל גיפֿינֶען אים, וואָרום איךְ האָב גאָר זיין נאָמֶן ניט גוויסט עֶס איז אַזוי אַוועק גגאַנגֶען עֶטליכֶע מאָנהייט, אונ מיין פֿאַר בּיטֶערט לֶעבֶּן וועט מיר ניט בֶּעסֶער, איךְ האָב זיךְ גימאַכט אַ גֶעוואָנהייט נאָר טאָג אַרוּיס צוגֶעהן פֿון מיין שׁלאָס, אַוועק גֶעהן אויף אַגאַנצֶן טאָג. איךְ פֿלֶעג פֿאַר טראַכטֶערהייט פֿאַר גֶעהן אַזוי ווייט אַז איךְ פֿלֶעג אָן היבֶּן צוריק צו גֶעהן פֿלֶעג איךְ קומֶען אַהיים שׁפּעט אין דער נאַכט.

אַז איךְ האָב גיזֶעהן אַז איךְ קען ניט אויפֿזוכֶען צֶעצילֶיעס קינד, האָב איךְ אָן גיהויבֶּן טראַכטֶן. אָן טרֶעפֿין חאָטשׁי אַפֿרעמד קינד אַ אומגליקליכֶן

אונ

אוּנ נֶעמֶין אִיהְם צוּ זִיךְ, עֶרְצִיהֶען אָן שְׁטָאט צֶעצִילְיֶעס קִינְד ׃ אָבֶּער דָאס הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ נִיט גִיקֶענְט בַּאקוּמֶען. וָוארוּם אִיךְ הָאבּ דָאךְ גִידַארְפְט קְרִיגִין אַזַא קִינְד, וָואס אִיהְם אִיז נֵייטִיג מַיין הִילְף ׳ אַיין אוּמְגְלִיקְלֶעךְ קִינְד וֶועלְכֶן אִיךְ זָאל קֶענֶען הֶעלְפֶן פוּן שְׁלֶעכְטֶע צוּפַאלִין, אָדֶער אַזַא קִינְד צוּ וָועלְכִין אִיךְ זָאל נָאר דַארְפִין צוּ לֵייגִין גְרוֹיס מִיה אִיהְם צוּ עֶרְצִיהֶען,

אַמָאל אִין אַזוּמֶער טָאג בִּין אִיךְ אִין דֶער פְרִיה אַרוֹיס גִיגַאנְגִין פוּן שְׁלָאס צוּ דֶעם זַייט, פוּן וֶועלְכִין מִיר וַוארְטִין אִיצְט אָן קוּמֶען רָאזְשֶׁערִין מִיט זַיין בַּאנְדֶע, אִיךְ בִּין גִיגַאנְגִין פַאר טִיפְט אִין מַיינֶע גִידַאנְקֶען, אִיךְ הָאבּ פַאר זִיךְ גִירֶעט אִיךְ הָאבּ דֶער מַאנְט צֶעצִילְיֶען אוּנ אִיר קִינְד, אִיךְ הָאבּ גִיזוּכְט פְּלַאנֶען וְויא אַזוֹ צוּ קְרִיגִין הָאטְשִׁי אַפְרֶעמְד קִינְד. אִיךְ הָאבּ דָאס אוֹיף זִיךְ גִינוּמֶען אִיךְ הָאבּ אַנֶדר גִיטָאן אוֹיבּ עֶס וֶועט זִיךְ מִיר מַאכִין עֶרְצִיהֶען אַקִינְד, עֶס מֶעג זִיךְ מַאכֶן אַזַא קִינְד וָואס מֶעדַארְף זִיךְ פוּן זַיינֶט וֶועגֶן אַיין שְׁטֶעלֶן זִיךְ אִין דִיא גְרֶעסְטֶע סַכָּנוֹת, וֶועל אִיךְ זִיךְ דֶער פוּן נִיט פַאר מַיידִין, אִיךְ הָאבּ גִישְׁווֹארֶן פַאר גָאט, אַז אִיךְ וֶועל טָאן אַלֶעס מִיגְלֶעכְקֵייט צוּ הֶעלְפִין דֶעם דָאזִיגֶען וָואס עֶר וֶועט זַיין אוּמְגְלִיקְלֶעךְ, אִיךְ הָאבּ גִיוֵוינְט, גִיבֶּעטִין גָאט עֶר זָאל מִיר צוּא שִׁיקִין אַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ קִינְד, אָהְן שְׁטָאט צִיצִילְיֶעס קִינְד, אִיךְ הָאבּ גִיוָואלְט עֶס זָאל נָאר אַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ קִינְד זַיין, עֶס זָאל זַיין אָן גִילֵייגְט מַיין מִיה, בִּכְדֵי אַז דָאס זָאל מִיר זַיין אַכַּפָּרוֹת עָוֹן פַאר מַיין גְרוֹיסִין פַארְבְּרֶעךְ פוּן דֶער פָאר פָאלְג, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גִיטֵייט. אָט דִיא רַעְיוֹנוֹת, דִיא מַחֲשָׁבוֹת, הָאבּ אִיךְ אוֹיף אַיין מִינוּט נִיט אַרוֹיס גִילָאזְט פוּן קָאפּ, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גִפִיהְלְט אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין צְרַיין אִין קִינִינְרַאצְקִין וַואלְד אוּנ הָאבּ זִיךְ אִין אִים שְׁטַארְק דֶער וַוייטֶערְט, אִיךְ חָאפּ זִיךְ עֶס הָאט שׁוֹין אָן גִיהֵייבִּין נַאכְט

צוּא

צוא וֶוערִין אונ עֶס הָאט זִיךְ אָן גֶערוּקְט אַ שְׁוַוארְצֶע חְמַארֶע , אִיךְ קֶער זִיךְ אוּם גִישְׁווִינְד צוּא רִיק , אִיךְ גֶעה רַאנְג , אִיךְ גֶעה נָאךְ אַלֶם פוּן וַואלְד נִיט אַרוֹיס , עֶס אִיז גִיוָוארִין אַגְרוֹיסֶער שְׁטוּרֶעם עֶס הָאט גִידִינֶערְט, גִיבְּלִיצְט, אַרֶעגִין הָאט אָן גִיהוֹיבִּין שְׁטַארְק צוּ גִיסִין . אִיךְ זוּךְ מִיךְ עֶפֶּעס אַיין אוֹרְט אוּנְטֶער צוּ טוּלֶען זִיךְ פוּן דֶעם רֶעגִין . עֶס אִיז גְרָאד גִיוֶוען אַטָאל , עֶס הָאט אַבְּלִיץ גִיטָאן אִיךְ דֶער זֶעה בַּייא דֶעם שַׁיין פוּן בְּלִיץ אִין אַזַייט פוּן דֶעם טָאל אוּנְטֶערִין בַּארְג אַלְאךְ אַרוּם גִיוַואקְסִין מִיט גִידִיכְטֶע בֵּיימְלֶעךְ , אִיךְ רוּק זִיךְ אַרַיין אַהִין אִין דֶער פִינְצְטֶער , אִיךְ פִיהְל אַז עֶס גֶעהְט אֶוֶועק אַהֵייל . אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין פוּן רֶעגִין גוּט פַאר דֶעקְט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין וַוייטֶער נִיט גִידַארְפְט קְרִיכִין, הָאבּ אִיךְ זִיךְ דָארְטִין אַבִּיסִיל אַנִידֶער גִיזֶעצְט אוּים רוּהֶען אוּנ וַוארְט מִיר בִּיז דֶער רֶעגִין זָאל אוֹיף הֶערִין צוּ גִיסִין אוּנ דִיא חְמַארֶע זָאל פַאר בַּייא גֶעהֶן . אִיךְ זָאל קֶענֶען זֶעהֶען גִיפִינֶען אַשְׁטֶעגִיל פוּן וַואלְד אַרוֹיס . זִיצוּנְדִיג אִין דֶער הֵייל פַאר נוּמֶען מִיט מַיינֶע גִידַאנְקֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ צוּ גְלַייגְט אַבִּיסִיל אוֹיף אַזַייט, אוּנ בִּין מִיר שְׁטַארְק אַנְטְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין . אִיךְ הָאבּ גִישְׁלָאפִין אַהִיפְּשִׁי צַייט , מִיר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אַלֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּנ פָארְכְטִיגֶע חֲלוֹמוֹת , נָאךְ מֶער וִויא אַלֶע מָאל . אִיךְ חַאפּ זִיךְ אוֹיף אוּנ זֶעה לֶעבִּין מִיר אַ פַאנַאר מִיט פַייעֶר , אִיךְ פַאר וִוינְדֶער זִיךְ זַייֶער דֶערוֹיף אִיךְ קוּק זִיךְ צוּ וַוייטֶער , אִיךְ זֶעה אַז לֶעבִּין פַאנַאר לִיגְט אַבִּיכֶעלֶע . אִיךְ נֶעם מִיט שְׁרֶעק אוּנ עֶפֶען אוֹיף דָאס בִּיכֶעלֶע אוּנ לֵייעֶן דָארְטִין דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער , וֶועלְכֶע וִויא עֶס הָאט אוּים גִיוִויזִין זֶענִין גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין צוּ מִיר .

"אוּמְגְלִיקְלֶעכֶער נָאר וואהְלְטֶעטִיגֶער מֶענְטְשׁ ! מִיר הָאט זִיךְ גִיטראפן

גִיטְרָאפִין אוּמְגֶעבְרִין אַבִיין גֵייעָן אִין דֶער הֵייל אוּנ וֶועלְכֶער אִיר הָאט גִישְׁלָאפִין . אִיר הָאט פוּן שְׁלָאף גִירֶעט פִיל אוּמְפַארְשְׁטַאנְדִיגֶע רֵייד . פוּן דִיא רֵייד הָאבּ אִיךְ פַאר שְׁטַאנֶען אַז אִיר וֶוענְט אַפְרוּמֶער נָאר אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מַאן . פוּן אַלֶע אַייעֶרֶע רֵייד הָאבּ אִיךְ דֵייטְלִיךְ גִיהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער , "אִיךְ שְׁוֶוער צוּ גָאט , אַז דָאס עֶרְשְׁטֶע קִינְד וֶועלְכֶע עֶס וֶועט זִיךְ מִיר טְרֶעפֶן וֶועל אִיךְ נֶעמֶען עֶרְצִיהֶען , עֶס מֶעג זַיין דֶער בַּייא דָאס גְרֶעסְטֶע גִיפַאהר," גוּטֶער מֶענְטְשׁ ! אוֹיבּ עֶס אִיז יָא אַזוֹי , אוֹיבּ אִיר הָאט יוֹא אִין זִוּנֶען צוּ הֶעלְפֶען דֶעם אוּמְגְלִיקְלֶעכִין , אוֹיבּ אַייעֶר גוּט הַארְץ בַּאגֶערְט צוּ טָאן גוּטְס . בִּין אִיךְ דֶער מֶענְטְשׁ וָואס בֶּעט פוּן אַייךְ גִינָאר אוּנ וָואהְלְטֶעטֶעקַייט , עֶס קָאן שׁוֹין נִיט זַיין אוּמְגְלִיקְלֶעכֶער אִין דֶער וֶועלְט , וִויא דִיא וָואס בֶּעטִין פוּן אַייךְ הִילְף , אָ ! הֶעלְפְט מַיין הֶערְד , הֶעלְפְט , פַאר לָאזְט נִיט אַיין אוּמְגְלִיקְלֶעךְ קִינְד , נֶעמְט אִים צוּ פוּן זַיין מוּטֶער וֶועלְכֶע אִיז נָאךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער פוּנִים קִינְד , נֶעמְט אִים צוּ אַייךְ , עֶרְצִיהֶעט אִים זַייט אִים אַפָּאטֶער , אִיר וֶועט אַזוֹי פִיל גוּטְץ טָאן דֶער מִיט , וָאס מֶע קֶען אַייךְ אַזוֹי פִיל נִיט אוּיס שְׁרַייבֶּען . נָאר אוֹיבּ אִיר ווִילְט אוּיף זִיךְ נֶעמֶען צוּ טָאן גוּטְס , אוֹיבּ אִיר בַּאשְׁטֵייט צוּ נֶעמֶען דָאס קִינְד צוּ זִיךְ . מוּזְט אִיר בַּאשְׁטֵיין אוּיף אַלֶע בַּאדִינְגוּנְג , וֶועלְכֶע אִיךְ שְׁרַייבּ אַייךְ דָא ,

עֶרְשְׁטֶענְס , אִיר מוּזְט צוּ זָאגִין , אַז דָאס קִינְד זָאל בַּייא אַייךְ זַיין , אַזוֹי וִויא אַייעֶר קִינְד , עֶס זָאל זַיין בְּסוֹד וָואס דָאס אִיז אַיין פְרֶעמְד קִינְד .

צְווַייטֶענְס . אִיר זָאלְט נִיט בַּאנִיצִין קַיין שׁוּם הִתְפַּעֲלוּת צוּ דֶער גֶעהֶן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם קִינְד , אָדֶער זַיינֶע עֶלְטֶערִין , אִיר זָאלְט

נָאר וִויסִין אַז זַיין כּוּמֶער אִיז אַפְּרַאנְצוֹיזִין . אוּנ דֶער פָּאטֶער אִיז אָ דַייטְשׁ .

דְרִיטֶענְס . וֶועלְכֶע גִיפַאהר עֶס זָאל זִיךְ אַייךְ נִיט טְרֶעפֶען צוּ לִיבּ דֶעם קִינְד , מוּזְט אִיר אַלְץ פַאר גוּט אָן נֶעמֶען , אוּנ נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ הִיטִין דָאס קִינְד וִויא דִיא שְׁוַוארְצַאפִּיל פוּנִים אוֹיג .

גִינֶעדִיגֶער הֶער ! אוֹיבּ אִיר בַּאשְׁטֵייט אוֹיף דִי רֵייד וֶועלְכֶע מֶע לֵייגְט אַייךְ פָאר , זָאלְט אִיר זַיין אַזוֹי גוּט , אִין דֶעם בִּיכֶעל אָן שְׁרַייבִּין אַ עֶנְטְפֶער אִין וֶועלְכִין אִיר זָאלְט מַאכִין וִויסִין אָט דִיא זַאבִין , צוּ הָאט אִיר אַוַייבּ אוּנ קִינְדֶער ? צוּ זֶענְט אִיר רַייךְ ? וִויא וַוייט פוּן דַאנֶען זִיצְט אִיר ? אוּנ צוּ קֶענְט אִיר בַּאשְׁטֵיין אוֹף אַלִימֶען וָואס דִיא מוּטֶער פוּנִים קִינְד וֶועט פוּן אַייךְ פָאדֶערִין ? שְׁרַייבְּט אָן אַייֶער עֶנְטְפֶער אוּנ גֶעהְט אִין גָאטְס נָאמֶען מָארְגִין הַאלְבֶּע נַאכְט זָאלְט אִיר קוּמֶן וַוייטֶער אֵיינֶער אַלֵיין וֶועט מֶען אַייךְ דָא אָפּ גֶעבִּין דָאס קִינְד „

זַייט זִיךְ מְשַׂער מַיינֶע לִיבֶּע , אוּנ וָואס פַאר אַלַאגֶע אִיךְ בִּין דֶענְסְט מָאל גִיוֶועזְן , וִויא אַזוֹי פַאר ווִינְדֶערְט אוּנ צוּ מִישְׁט אִיךְ בִּין גִיוָוארִין , אִין אַזַא צַייט ! אִין אַזַא פִינְצְטֶערְנֶעשׁ ! וִויא קוּמְט וֶוער צוּ אַרַיין גֶעהֶן אִין דֶער גְרוּבּ וִויהִין נָאר אִיךְ , וָואס אִיךְ בִּין אוּיס גִישְׁטַאנֶען פִיל מִלְחָמוֹת , אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִיפָארְכְט פַאר קֵיין זַאךְ , נָאר אִיךְ בִּין פַאר קְרָאכִין אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אוֹרְט ; אוּנ נָאךְ מֶער וִוינְדֶער וִויא אַזוֹי אִיךְ הָאבּ גִירֶעט פוּן שְׁלָאף אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואס עֶס הָאט גְרָאד גְנִיצְט פַאר יֶענֶעם וֶועלְכֶער אִיז אוּם גֶעדִין—אַזוֹי וִויא עֶר שְׁרַייבְּט—פַאר גַאנְגֶען אִין דֶער הֵייל , ווּא אִיךְ הָאבּ גִישְׁלָאפֶען . הַיינְט וָואס קָאן דָאס זַיין פַאר אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מוּטֶער , וֶועלְכֶע וִויל אָפּ גֶעבִּין אִיר קִינְד צוּ אַמֶענְטְשִׁין וָואס זִיא קֶען אִיהְם נִיט אוּנ וַויים אִיהְם נִיט . וָואס פַאר אַ אוּמְגְלִיקְלְעךְ

קינד

קִינְד דָאס קָאן זַיין וֶועלְכִין זַיינֶע עֶלְטֶערִין לָאזִין אַוֶועק פוּן זִיךְ אוּנ גִיבִּין זַאִים אָפּ צוּ אַפְרֶעמְדִין . אוֹיךְ דֶער מָאנְט מֶען נָאר דִיא מוּטֶער , הָאט אַפָּנִים קַיין פָּאטֶער הָאט עֶר נִיט , אָדֶער דֶער פָאטֶער הָאט אִים פוּן זִיךְ פַאר וָוארְפֶען ? אָדֶער פִילַייכְט וִויל אִים זַיין פָאטֶר אוּמְבְּרֵיינְגֶען , אוּנ דָאס בַּאהַאלְט מֶען אִים פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם פָאטֶער ; . . . אִיךְ הָאבּ בַּייא זִיךְ אִיבֶּער גֶעטְרַאכְט אוֹיף אַלֶע זַייטִין , אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקֶענְט קְלֶערִין אַזוֹ מֶע ווִיל מִיךְ דָא עֶפֶּעס אַרַיין פִירִין אִין אַיין אוּמְגְלִיק , אוֹיף וָואס דַארְף מֶען דָא מִיךְ אָפּ נַארִין מִיט אַזוֹ אַ פַאל ! וֶוענִין דָאס מֶערְדֶער אוּנ ווִילֶען מִיר עֶפֶּעס בֵּייז טָאן , בִּין אִיךְ דָאךְ גִיוֶועזְן אִין זֵייעֶר הַאנְט , זֵייא הָאבִּין דָאךְ מִיט מִיר גִיקֶענְט מַאכִין וָואס זֵייא וָואלְטִין וֶועלִין . פַאר קֶערְט אִיךְ הָאבּ דִיא גַאנְצֶע זַאךְ גִיפוּנֶען פַאר אַצוּגֶעשִׁיקְטֶע זַאךְ פוּן גָאט . גָאט הָאט צוּ גִיזֶעהִין מַיין צוּבְּרָאכֶן הַארְץ עֶר הָאט צוּ גִינוּמֶען מַיין תְּשׁוּבָה עֶר הָאט דֶער הֶערְט מַיין גִיבֶּעט . עֶר הָאט גִישִׁיקְט זַיין עֶנְגִיל צוּ פַאר פִירִין מִיךְ אִין דֶעם אוֹרְט ווֹוא עֶר הָאט מִיר אָן גִיגְרֵייט אַהֵיילִינְג צוּ מַיינֶע וואוּנְדִין אִיךְ הָאבּ דָא זֵייעֶר שְׁטַארְק בַּאוואוּנְדֶערְט דִיא גִינָאד פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגִין גָאט , ווִי אַזוֹ עֶר טוּט ווִינְדֶער מִיט מִיר . עֶר שִׁיקְט מִיר צוּ אַזַא זַאךְ פוּנְקְט נָאךְ מַיין וִוינְטְשׁ . אַזַא אוּמְגְלִיקְלֶעךְ קִינְד אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ גִילוּסְט , אַזַא וואֹהְלְטֶעטִיקֵייט וָואס אִיז פַאר מִישְׁט מִיט גִיפַאהר אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ בַּייא אִים גִיבֶּעטִין , ווָארוּם מֶע שְׁרַייבְּט מִיר אִיךְ זָאל פַאר גוּט אָן נֶעמֶען ווֶועלְכֶע גִיפַאהר עֶס זָאל זִיךְ מִיר נִיט טְרֶעפִין צוּ לִיבּ דֶעם קִינְד . צְוַואר עֶס אִיז גִיוֶועזְן זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ אַזַא זַאךְ , וָואס מַיין פַארְשְׁטַאנְד קֶען עֶס נִיט פַאר נֶעהְמֶן . נָאךְ מֶער וַוייל מֶע פָאדֶערְט פוּן מִיר אִיךְ זָאל זִיךְ אוּנְטֶער גֶעמֶען צוּ בַּאשְׁטֶעהֶן אוֹיף אַלֶעס וָואס דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם קִינְד וֶועט פוּן מִיר פָאדֶערִין , ווֶער וֵוייסְט וָואס פַאר אַ שְׁוֶוערֶע זַאכִין זֵייא קֶענֶען פוּן מִיר פַארְלַאנְגֶען ? פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבֶּן מִיךְ דִיא אַלֶע זַאכִין נִיט

אָפּ גישְׁרָאקְן ,זייא הָאבּין מִיךְ נִיט אָפּ גְהַאלְטֶען פוּן צוּ טָאן דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף זִיךְ גִינוּמֶען , אִיךְ פַאר זָאס נִיט לַאנְג צוּא עֶנְטְפֶרִין אוֹיף אַלֶע פְרֶעגִין , אִיךְ נֶעם דֶעם בְּלַאיי פֶּעדֶער וֶועלְכֶע עֶס הָאט גִשְׁטֶעקְט אִין בִּיכֶעל אוּנ שְׁרַייבּ אָן דִיא וֶוערְטֶער ,

"אִיךְ בִּין אַיין אַלְמָן אוּנ הָאבּ אַקְלֵיינֶע טָאכְטֶער , אִיךְ בִּין פוּן רַייכִין שְׁטַאנְד , אוּנ בִּין אַיין עֶרְלִיכֶער מַאן , מַיין שְׁלָאס שְׁטֶעהְט נִיט וַוייט פוּן דֶעם וַואלְד , עֶס אִיז וַואר אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעווִינְטְשִׁין נֶעמֶען אַ זַא קִינְד אַזוֹ וִויא אִיר וִוילְט מִיר גֶעבִּין,אִיךְ בַּאשְׁטֶעה אוֹף אַלֶעס וָואס אִיר פָאדֶערְט פוּן מִיר , אִיךְ נֶעם זִיךְ אוּנְטֶער עֶרְפִּיהְלִין אַלֶע זַאכִין וָואס מֶע וֶועט׃פוּן מִיר פַארְלַיינְגֶען , וָואס נָאר מִיגְלֶעךְ וֶועט זַיין . מָארְגִין הַאלְבֶּע נַאכְט וֶועל אִיךְ קוּמֶען אַ הֶער אוּנ וֶועל צוּ נֶעמֶען דָאס קִינְד , אִיךְ וֶועל אִים עֶרְצִיהֶען וִויא אַ פָּאטֶער זַיין קִינְד , גְלַייךְ מִיט מַיין אֵיינְצִיגֶער טָאכְטֶער , אִיר מֶעגְט זִיךְ אוֹף מִיר פַאר זִיכֶערִין , מִיט גָאטְס הִילְף , אַייֶער קִינְד וֶועט בַּייא מִיר גְלִיקְלֶעךְ זַיין „

אִיךְ הָאבּ מַיין נָאמֶען נִיט גִיוָואלְט אוּנְטֶער שְׁרַייבִּין . אִיךְ זָאל זִיךְ אוֹפְּט מָאל דֶער מִיט נִיט אוּנְטֶער וַוארְפִין אוּנְטֶער אַשְׁלֶעכְטִין צוּ פַאל . אוּנ דֶער צוּ פְרֶעגְט מֶען פוּן מִיר מַיין נָאמֶען גָאר נִיט , הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶנְט פַאר אִיבֶּרִיג אוֹיס צוּ רוּפִין זִיךְ , אִיךְ לֵייג דָאס בִּיכִיל אוֹף דֶעם אוֹרְט וִויא עֶס אִיז גִילֶעגִין , אוּנ גֵייא מִיר אַרוֹיס פוּן הֵייל , אִין דְרוֹיסִין אִ׳ז גִיוָוארִין׃שְׁטִיל דֶער הִימֶעל לוֹיטֶער , אִין מִזְרָח זַייט הָאט אָן גִיהוֹיבֶּן לִיכְטֶעגֶער צוּ וֶוערִין, אִיךְ גִיפִין בַּאלְד דֶעם אַרוֹיס גַאנְג פוּן וַואלְד אוּנ בִּין גִיקוּמֶען אַ הֵיים , שׁוֹין מִיטִין גְרוֹיסִין טָאג .

3

# דִיא צְוֵוייטֶע נַאכְט אִין וַואלְד

דָעם גַאנְצִין טָאג זֶענִין גִיוֶועזִין מַיינֶע גִידַאנְקֶען פַאר נוּמֶען מִיט דָעם וואוּנְדֶערְלִיכִין צוּ פַאל פוּן דֶער פַאר גַאנְגֶענֶער נַאכְט , ווִיא דִיא זוּן הָאט אָן גִיהֵייבִין אָפְּקֶערִין פוּן הַאלְבִּין טָאג , אִיז אַשׁוּידֶער אִיבֶּער מַיין לַייבּ אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען , אִיךְ הָאבּ גִיפִּיהְלְט אַז עֶס וֶוערְט שׁוֹין נֶעהֶענְטֶער צוּ דֶער נַאכְט , אִיךְ הָאבּ דָא פַאר זִיךְ אַ גוּט שְׁטִיקִיל אַרְבֶּעט , אִיךְ דַארְף גֵיין הַאלְבֶּע נַאכְט אֵיינֶער אַלֵיין אִין אַגִידֶערְבְּטִין וואַלְד , וֶועלְכֶע אִיז אָן גִישְׁטֶעקְט פִּיל מִיט רֵייבֶּער , אִיךְ דַארְף זִיךְ דָארְטִין פַאר שְׁטֶעקִין אִין אַ הֵייל , נֶעמֶען דָארְטִין אַפְרֶעמְד קִינְד . וֶועלְכִין מֶען גַנְבְּת פִּילַייכְט פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין . וֶוער וֵייסְט וָואס עֶס קֶען מִיר דָארְטִין גִישֶׁעהֶן , אִיךְ וֵייס נִיט וָואס מֶע ווֶעט נָאךְ פוּן מִיר פַאר לַאנְגֶען , אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוּנְטֶער גִינוּמֶען בַּאשְׁטֶעהְן אוֹיף אַלֶעס ! נָאר אִיךְ בִּין גִיבְּלִיבִּין שְׁטַארְק אִין מַיין צִיעֶל , אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גְלָאוּבְט אִיבֶּער אַנְדֶערְשִׁין , אִיךְ הָאבּ זִיךְ בַּאשְׁלָאסִין הַאלְטִין וָוארְט , גֶעהְן בַּייא נַאכְט אוּנ טָאן וָואס מִיגְלֶעךְ אִיז , הֶעלְפִין דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע וָואס דַארְפִין גֶעבֶּעךְ מַיין הִילְף . נֶעמֶען עֶרְצִיהֶען אַקִינְד אָן שְׁטָאט צֶעצִילְיֶעס זוּן דֶעם פַאר לָארֶענִים . מִיט דֶער הָאפֶענוּנְג אַז אִיךְ וֶועל דָא טָאן אַ גוּטֶע זַאךְ , הָאבּ אִיךְ.שׁוֹין גִיפוּנֶען אַ פַאר גְרִינְגֶערִינְג צוּ מַיינֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע גִידַאנְקֶען , וָואס הָאבִּין מִיר מַיין לֶעבִּין פַארְבִּיטֶערְט , מִיר הָאט זִיךְ גִידַאכְט אַז אִיךְ וֶועל מִיר דוּרְךְ דֶעם שָׁלוֹם מַאכִין מִיט דֶער פַארְשְׁטָארְבֶּענֶער פָּאר פָאלְג , זֵייא וֶועלִין אוֹיף מִיר אוֹיפְהֶערֶען בֵּייז צוּא_זַיין .

ווִיא

וויא עס איז נאַכט גיוואָרין האָבּ איך זיך גוט אָן גיגורט מיט גיוועהר אונ בּין אַוועק גינאַנגען צום וואַלד. מיט דיא צייכענס, וועלכע איך האָבּ דעם פאַרגאַנגענים פריא מאַרגין זיך פאַר צייכינט אין וואַלד, האָבּ איך גיקענט אָפּ זוכין דיא היֵיל. איך בּין גינאַנגען אַ פאָר שטונדין. אונ בּין גיקומען צום אורט אין וועלכין איך האָבּ דיך וויקטאָר גידאַרפט גיפינען.

וויא איך בּין גיקומען צוא דער היֵיל גייא איך אַריין מיט שרעק, אונ שטיי פון פאַרינט, איך האָבּ פאָרכט וויים צוא געהן אין דער פינצטער, דער צוא האָבּ איך גיקענט צוא טרעטין דאָס קינד וועלכין מע האָט מיר פילייכט אַנידער גיליייקט איך האָבּ גיטראַכט שטעהן אונ וואַרטין, טאָמער וועל איך דער הערין עפּעס אַ שטימע, אָדער איך וועל האָבּין אַצייכין פון דיא לייט וועלכע דאַרפין מיך. אין אַהאַלבּע שטונד, האָט מיר אין היֵיל פון ווייטין אַשיין גיטאָן פייער, איך געה אַהין נעהענטער איך זעה ווידער דעם פאַנאַר מיטין ביכיל אויף דער ערד איך גייא צוא אין איינע ציטערנעש אונ נעם דאָס ביכיל אונ לייען דאָרטין דיא ווערטער,

„מיר זענין זייער צו פרידין מיט אייער ענטפער. נעמט דעם פאַנאַר אונ גייט ווייטער אין היֵיל, נעמט זיך צו דער רעכטער זייט דאָרטין וועט איר גיפונען דאָס קינד"

איך טוא אַזוי איך גייא ווייטער אין דער שרעקליכער היֵיל אונ נעם זיך רעכטס, אַזוי וויא מע האָט מיר פאָר גישריבּיי עס פּלאַטערט אין מיר דאָס האַרץ, דיא פיס בּייגין זיך מיר אונטער, איך גייא אַזוי לאַנג אונ זיך אויף אַלע זייטין בּיז איך דער זעה דאָס וואָס איך זוך.

אט

—אָט אִיז עֶר , הָאבּ אִיךְ אוּמְגֶערִין אַגִישְׁרֵייא גִיגִיבֶּעןְ אָט אִיז דָאס קִינְד , אָי גָאט , הֶעלְף מִיר בְּרֵיינְגֶען אִים אַהֵיים . אִיךְ וַוארְף זִיךְ צוּם קִינְד אוּנ נֶעם אִים אִין מַיינֶע אָרֶעם , אוּנ קְוֶועטְשׁ אִים צוּא צוּם הַארְצִין מִיט גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט . אָ , לִיבּ קִינְד , אַךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער נֶעבֶּעךְ , וֶוער זָענִין דַיינֶע אוּמְבַּארִימְהֶערְצִיגֶע עֶלְטֶערִין וֶועלְכֶע פַּאר וַוארְפִין דִיךְ אַזוֹי פוּן זִיךְ ? קוּם מַיין קִינְד , קוּם , קוּם צוּא מִיר אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פָאר לָאזִין , דַיינֶע אֵייגֶענֶע פַארְשְׁטוֹיסִין דִיךְ , אוּנ אַפְרֶעמְדֶער וֶועט דִיךְ צוּא זִיךְ אַרֵיין נֶעמֶען , עֶר וֶועט דִיךְ לִיבִּין , עֶר וֶועט דִיךְ זֶעהֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכִין , אָט אַזוֹי מַיין טַייעֶרֶער ווִיקְטָאר הָאבּ אִיךְ דִיךְ גִיפִינֶען אִין מִיטִין דֶער נַאכְט , אִיךְ וָואלְט זִיךְ אוֹיף קַיין מְצִיאָה נִיט פְרֵייעֶן אַזוֹי שְׁטַארְק ווִיא אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִיפְרֵייט גִיפִינֶענְדִיק דִיךְ , אָ , מַיין לִיבֶּער ווִיקְטָאר , אִיךְ וֶועל אִין מַיין לֶעבִּין נִיט פַאר גֶעסִין יֶענֶע צַייט , דִיא צַייט וָואס אִיךְ הָאבּ דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל דֶער זֶעהֶען דַיין זִיס גִישְׁטַאלְט . (דָא הָאבִּין זִיךְ דֶער בַּארָאן מִיט ווִיקְטָארִין זֶעהְר שְׁטַארְק אַרוּם גִינוּמֶען הָאבִּין פַאר גָאסִין טְרֶערִין פַאר פְרֵייד), .

פוּן יֶענֶער מִינוּט אָן הָאבּ אִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין צוּא פִילִין אַז דוּא בִּיסְט מִיר אִין מַיין הַארְצִין אַיין גִיבַּאקִין , עֶפֶּעס אַזוֹי רַחֲמָנוּתְדִיק הָאסְטוּ זִיךְ מִיר אוֹיס גִיוִויזִין אַז עֶס הָאט מִיר גֶערִיסִין מַיין הַארְץ , אִיךְ הָאבּ דִיךְ גִיפוּנֶען לִיגִין אִין אַווִיגֶעלֶע בַּהַאנְגֶען מִיט טַייעֶרֶע זַיידֶענֶע טַאסְמֶעלֶעךְ , דִיא קְלֵיידֶער דַיינֶע זֶענֶען גִיוֶוען פוּן גִין גָאלְד מִיט דִימֶענְטִין בַּאזֶעצְט . פוּן אַלֶעס הָאט מֶען גִיקָאנְט דֶערְקֶענֶען אַז דוּא קוּמְסְט אַרוֹיס פוּן רַייכֶע לַייט , דוּא הָאסְט אוֹיס גִיוִויזִין אַיין עֶרֶךְ פוּ' אַיָאהְר אַלְט . שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר , וָואס פַאר אַיין אַיינְדְרִיק דָאס

מאכט , אז מע זעהט א קינד פון גרויסע לייט װערט געגעבען פאר
נוארפען מיט אזא שרעקליכין אופן ,

איך נעם דאס קינד מיט דער וויגעלע , אונ וויל גיעך אװעק
לויפען . גלייך איך פארכט מיך מעזאל ביא מיר צו ריק ניט אװעק
נעמען אזא טייערע זאך . וויא איך וויל אװעק געהן דער זעה איך
אבער נאך אביכעלע ליגט פאר מיר איך נעם דאס ביכעלע מיט
ציטערדיקע הענט אונ לייען דעריגען ווייטער ,

„גוטער אומבעקאנטער מענטש , אך , אז איר װאלט וויסען װאס
פאר אגרויסע זאך איר טוט דער מיט , װאס איר העלפט איין
אומגליקליכע מוטער , װאס איר נעמט ביא איר צו איר טהייער קינד
צו זיין אים אפאטער ? צוריק אבער אז איר װאלט וויסין גיגערינגקער
הערר , װאס דיא מוטער פונים קינד גיבט אייך אװעק ? , אי זיא מוז
נעביך אװעק געבין , אך , גלייך וויא זיא שיירט זיך מיט דער נשמה
גלייך וויא מיטין לעבין גיזעגינט זיא זיך . דעריבער האט דיא דאזיגע
מוטער צו אייך א בקשה , זייער אגרויסע בקשה . אמת׳עס איז זייער
אגרויסע זאך , זייער אשווערע זאך , נאר איר מוזט ווייזין אייער
גוטסקייט , נאר אייער שטארקייט , איר מוזט טאן דאס װאס מע
פאדערט פון אייך , איר װעט דער מיט לאזין לעבין האטשי אויף אקורצע
צייט דיא אומגליקליכע מוטער פונים קינד , איר מוזט ערפיהלען דיא
דאזיגע גיבעט איר האט נעכטין דערויף װארט גיגעבין , איר זאלט
האלטין דעם גאנצען טאג דאס קינד ביא זיך אין דער היים , אונ ביא
נאכט בריינגען אים צו טראגין אהער צו דער מוטער אן זייגין אים מיט
איהר אייגענע ברוסט , נאר אויף אזא אופן קען מען אייך אװעק געבין
דאס קינד , דערויף דארפט איר געבין אייער ענטפער , איר דארפט ניט
שרייבין

שְׁרַייבִּין, אִיר זָאגְט נָאר מִיט וֶוערְטֶער אוֹפִין קוֹל צוּ זֶענְט אִיר דֶערוִויף מוּסְכָּם, מֶעוֶועט אַייעֶרֶע רֵייד הֶערִין, פָארְכְט גִישְׁט אִיר מֶעגְט רֵיידִין הוֹיךְ עֶס וֶועט אַייךְ נִישְׁט שָׁאטִין · אִיךְ בִּין זִיךְ אַייךְ מוֹדֶה, מַיינֶע פְרַיינְד, אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָן גִיהֵייבֶּן דֶער בַּייא צוּ וֶועגִין, אִיךְ בִּין אַבִּיסִיל גִיבְּלִיבֶּן שְׁטֵיין אִין סָפֵק, צוּ זָאל אִיךְ בַּאשְׁטֵיין אוֹיף דֶעם נַאיֶיעם תְּנַאי, וָואס מֶע נֶעמְט מִיט מִיר אוֹס, בֶּאֱמֶת אַזַא שְׁוֶוערֶע זַאךְ, אַלֶע נַאכְט טְרָאגִין זִיךְ מִיטֶן קִינְד אִין אֵיינֶער אַלֵיין אִין אַזַא פָארְבְּטִיגֶן אָרְט, דָאס אִיז גָאר נִיט קֵיין סְבָרָה אוּנְטֶער צוּ נֶעמֶען זִיךְ · אֵיין מָאל אָדֶער צְוֵוייא קָאן מֶען אַנְטְרוּנֶען וֶוערֶן פוּן אוּמְגְלִיק, אָבֶּער נִיט אַלֶע נַאכְט, עֶס אִיז זֵייעֶר לַייכְט אַז מֶע זָאל וֶוען עֶס אִיז פַאר לִירֶן דָא · דָאס לֶעבֶּען, אוּנ דָאס קִינְד וֶועט מֶען אוֹיךְ אָן וֶוערִין, אִיךְ וֵוייס אַז אַייַ אַנְדֶערֶער אוֹיף מַיין אָרְט וָואלְט דֶערוִויף זִיכֶער נִיט בַּאשְׁטַאנֶען, אִיךְ אָבֶּער, אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶערוּף גִמוּזְט סַאגְלַאשֶׁען, אִיךְ הָאבּ נִיט גְקָאנְט זָרְטָה הָאבֶּן פוּן מַיין הַבְטָחָה, סְטַייטְשׁ אִיךְ וֶועל אַנִידֶער לֵייגֶן צוּ רִיק דָאס קִינְד פוּן מַיינֶע אָרֶעמְס, דָאס אִיז גִוֶוען גָאר נִיט אִין מַיינִי הֶענְט, עֶפֶּעס זֶענִין אִיבֶּער מִיר גִגַאנְגֶען אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע גִדַאנְקֶען אַז עֶס אִיז מוֹרָאדִיק גִוֶוען, אַלֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּן מִיר פוּן אַלַאנְגֶע צַייט צוּ מִישְׁט מַיינֶע גִדַאנְקֶען הָאבֶּן זִיךְ מִיר אִין דֶער דָאזִיגֶער מִינוּט פָאר גִשְׁטֶעלְט: צֶעצִילְיֶע, פְּרוּקְס, דַאכְט זִיךְ זֵייא זֶענִין גִשְׁטַאנֶען אַקֶעגִין מִיר, דַאכְט זִיךְ זֵייא שְׁרַייעֶן מִיר אִין מַיינֶע אוֹיעֶרֶן, רַצְחָן, גַזְלָן, קוּם מִיט אוּנְז · קוּם לֵייג זִיךְ מִיט אוּנְז אִין גְרוּבּ · לֵייג זִיךְ, לָאז אוֹיף דִיר רִינֶען אוּנְזֶער בְּלוּט ... גַזְלָן, דוּא הָאסְט אוּנְז גִהַרְגֶעת אוּנְזֶער קִינְד אִיז פַאר וַוארְפֶן גִוָוארֶען, וָואס הָאסְטוּ צוּ אוּנְז גִהַאט · · אִיךְ קֶער זִיךְ אוֹיף אַלֶע זַייטֶן קֵיינֶער גִיטָא ... עֶס גְרִילְצְט מִיר אִין דִיא אוֹיעֶרֶן דַאכְט זִיךְ קֵיינֶער זָאגְט נִיט אַוָוארְט, אִיךְ זֶעה אַז דָאס אִיז נָאר שְׁלֶעכְטֶע גִדַאנְקֶען · אִיךְ פַאר שְׁטֵייא אַז אִיךְ דַארְף מִיט נֶעמִין דָאס קִינְד, אִיךְ הָאבּ גְפִילְט,

אַז אִיךְ וֶועל נֶעמֶען דָאס קִינְד מִיט זִיךְ וֶועלֶן אַבִּיסִיל מַייגֶע אוּמְרוּהִיקֶע מַחֲשָׁבוֹת גִשְׁטִילְט וֶוערֶן , אִיךְ הָאבּ גְזֶעהֶען דֶעם פְּרִימֶער פוּן דֶעם פַאר גַאנְגֶענֶעם טָאג : אַז אִיךְ הָאבּ נָאר אִין זִינֶען גְהַאט צוּ נֶעמֶען דָאס קִינְד , בִּין אִיךְ שׁוֹן פִיל רוּהִיגֶער גְוֶוען :: . וְאִיךְ מַאךְ זִיךְ שְׁטַארְק אוּנ עֶנְטְפֶער מִיט קָארַאזְשׁ : „אִיךְ בַּאשְׁטֶעה אוֹף אַלֶע זַאכֶן" נָאר בַּאלְד הָאבּ אִיךְ זִיךְ מְיַשֵׁב גְוֶוען אוּנ זָאג נָאךְ עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער : „נָאר זָאגְט מִיר אִיךְ בֶּעט אַייךְ צוּ אוֹף לַאנְג וֶועט דָאס אַזוֹ זַיין , צוּ וֶועט דָאס קִינְד בַּייא מִיר אִיבֶּער בְּלַייבֶּן פַאר אַזוּן , אָדֶער מֶע וֶועט אִים בַּייא מִיר אָפּ גֶעמֶען אִין אַקִירְצֶע צַייט צוּרִיק , אִיךְ שְׁטֵייא אַהִיפְּשֶׁע צֵייט , אִיךְ הֶער נִיט קֵיין שׁוּם זֶנְפֶער אוֹף מַיין שַׁאֲלָה . עֶס אִיז אַרוּם אוּנ אַרוּם שְׁטִיל , מֶע הֶערְט נִיט עֶרְגִיץ קַיין שָׁארְךְ ; אִיךְ גֵייא אַרוֹיס פוּן הֵייל מִיטִין וִויגֶעלֶע , דָאס קִינְד אִיז דֶערִינֶען ! אוּנ דָאס עֶרְשְׁטֶע בִּיכִיל הֶאבּ אִיךְ אוֹיךְ מִיט גְנוּמֶען , אִיךְ בִּין אַרוֹס פוּן וַואלְד אוּנ בִּין גִיקוּמֶען אַהֵיים שׁוֹן מִיטִין טָאג . אִיךְ הָאבּ אַוֶועק גְגֶעבִּין דָאס קִינְד דֶער אֵייגֶענֶער זֵייגֶערִין וָואס הָאט דִיךְ גְזֵייגְט , קְלִימֶענְצִיֶע מַיין טָאכְטֶער . דִיא דָאזִיגֶע עֶרְלִיכֶע פְרוֹא הָאט אַייךְ בֵּיידִי זֵייֶער גוּט אָפּ גְהִיט . אִיךְ הָאבּ נִיט גְוָואלְט צוּ נֶעמֶען נָאךְ אֵיינֶע אַנַייֶע זֵייגֶערִין ; בִּכְדֵי אַז קַיין נַאיֶע מֶענְטְשֶׁן זָאלֶן בַּייא מִיר נִישְׁט וִויסִין , פוּן דֶעם גְפוּנֶען קִינְד , עֶס זָאל בְּלַייבֶּן בְּסוֹד אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁפְּרָאכִין , וְוָארוּם יֶערֶען מֶענְטְשֶׁן וָואלְט דָאךְ גְוֶוען אַגְרוֹסֶר וְוִינְדֶר , אַז אִיךְ נֶעם מַיין אֵייגִין קִינְד אוּנ טְרָאג אַוֶועק אוֹף אַגַאנְצֶר נַאכְט מֶע וֵוייס נִיט וְוִיהִין ; אִיךְ הָאבּ דָאךְ דָאס פַאר שְׁפְּרָאכֶן אַלֶע נַאכְט צוּ טָאן .

אַז אִיךְ בִּין גִיקוּמֶען אַהֵיים הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפֶען אוּנ בִּין בַּאלְד אַנְשְׁלָאפֶן גִיוָוארִין , קַיין שְׁלֶעכְטֶע גִידַאנְקֶען הָאבִּין זִיךְ מִיר מֶער נִיט פָאר גִישְׁטֶעלְט , אִיךְ בִּין לַאנְג גִישְׁלָאפֶען מִיט אַזַא

גשמאק

גישמאקן שלאף וועלכן איך האב שוין פון אלאנגע צייט ניט פאר זוכט ׃ אט דאס איז דיא פרוכט וואס אמענטש עסט פון זיין פלאנצונג , וואס ער פלאנצט איין מיט גוטע מעשים , באלד וויא ער פאר זייעט באלד שנייט ער אונ באלד עסט ער טאקי אויך אונ האט גרויס הנאה , ער דארף לאנג ניט ווארטען , אונ דער בוים אליין בלייבט אים דער נאך שטעהן אויף אייביג , ער איז אלע מאל געלט ׃

4

## דיא דריטע נאכט אין וואלד

אז איך האב זיך אויף גיכאפט פון שלאף , האב איך באלד גיהייסן געבן מיר דאס קינד , איך האב אים אנאמען גגעבין וויקטאר איך האב גיהאט אגוטען פריינד אפראנצויז , וועלכער האט גיהייסן מיט דעם נאמען האב איך אים אזוי אנאמען גגעבין אז איך זאל זיך שטענדיק דער מאנען מיין טייערען גוטין פריינד . איך האב זיך גיפרייט איך האב פראסט גיטאנצט פאר שמחה , פון דער מציאה וואס גאט ברוך הוא האט מיר צו גשיקט , מיך האט נאר גיארט וואס איך דארף ווייטער געהן מיטען קינד אין וואלד , איך האב גציטערט פאר פחד אז איך האב זיך דאס דער מאנט , מיך האט ניט גיארט זיך אליין ; פאר קערט דאס איז בייא מיר גוועין שטארק אן גילייגט , איך האב זייער גוואלט גיין , איך האב גיקלערט ; טאמער וועל איך קענן דער געהן דארטען עפעס אשטיקל ידיעה פון דעם קינדס עלטערן , אדער דיא שרעקליכע סיבה וואס מע איז גיגייט

אוועק

אַװעק צו גִיבִּין אִים פוּן זִיךְ . אוּנ בַּייא אַשְׁלֶעכְטִין צוּ פַאל , אִי אַיין אָרְט װָאס אִיז פִּיל מִיט רױבֶּער , הָאבּ אִיךְ גִיהָאפְּט צוּ גָאט אַז אִיךְ װֶעל מִיךְ קֶענִין אוֹיס דְרֶעהֶן . אָבֶּער מִיטֶען קִינְד אִיז שְׁלֶעכְט דָאס קִינְד קֶען אִיךְ חָלִילָה אָן װֶערִין . נָאר סַייא וִויא הָאבּ אִיךְ אִיצְט גִיגַארְט הָאבֶּן דָאס קִינד מִיט זִיךְ אִיךְ זָאל זֶעהִין װָאס װֶעט זַיךְ מָאן , וִויא אַזוֹי װֶעט דִיא מוּטֶער בַּייא מִיר צוּ נֶעמֶן דָאס קִינְד , עֶס אָן צוּ זוּיגֶען וִויא אַזוֹי װֶעט דֶער בַּייא צוּ גֶעהֶן . אוּנ טָאמֶער װֶעל אִיךְ נָאךְ זַיין אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ אַז אִיךְ װֶעל מִיט אִיהְר אַלֵיין רֵיידֶן , וִויא אַזוֹי װֶעל אִיךְ עֶפִּיס נִיט דֶער גֶעהֶן פוּן דִיא זַאכֶן , װָאס אִיךְ בִּין אַזוֹי נַייגֶערִיג צוּ װִיסֶען ? אוּנ צוּ לִיבּ דֶעם הָאבּ אִיךְ וַייטֶר קָאם אִיבֶּר גִיהֶעבְּט דֶעם טָאג :

אִיךְ הָאבּ דֶער הַארְט נַאכְט , אִיךְ הָאבּ זִיךְ וַייטֶר נִיט אָן גְגוּרְט מִיט אַלֶערְלֵייא גִיװֶער אוּנ הָאבּ גִינוּמֶען דָאס קִינְד אוֹיף דִיא הֶענְט אוּנ בִּין אַװֶעק גְגַאנְגִין .

גֵייעֶנְדִיק הָאבִּין מִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק דִיא גִידַאנְקֶן פַאר נוּמֶען אַז שִׁיעוּר דֶער מוֹחַ הָאט זִיךְ מִיר נִיט אִיבֶּער גִיקֶערְט , שְׁטַייטְשׁ װָאס הֵייסְט דָאס , װָאס בַּאטַייט דָאס ? וִויא אַזוֹי קֶען עֶס גִימָאלְט זַיין אַז אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער . זָאל קוּמֶען אַלֶע נַאכְט אוּנ אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶן אָרְט , קֶען דָאס זַיין אַז זִיא זָאל טַאקִי דָא אִין וַואלְד װָאגֶען ? עֶס אִיז גָאר נִיט מִיגְלֶעךְ אִין דֶער װֶעלְט , עֶס וַוייזְט אוֹיס אַז דָאס זֶענִין זֶעהֶר רַייכֶע לַייט , קֶען דָאס זַיין אַז מִי הָאט זֵייא גִיחַאפְּט אוּנ מֶע הַאלְט זֵיי דָא אִיבֶּער גְוַואלְד ? זֵייא הָאבֶּען דָאךְ גִיקֶענְט בֶּעטִין הִילְף פַאר זִיךְ אַלֵיין . אִיךְ װָאלְט דָאךְ בַּאשְׁטַאנֶען אַז זֵייא זָאלֶען אַלֶע מִיט מִיר אִין אֵיינֶעם אַװֶעק גֶעהֶן צוּ מִיר , אוּנ פַאר שְׁװאוּנְדִין װֶערִין פוּן

דיא

דיא שְׁלֶעכְטִי מֶענְטְשֶׁן וָואס טוּעֶן זַייא בֵּייז . נִיט אַנְדֶערְשׁ אִיךְ וֶועל נְפִּים דֶער גֶעהֶן , אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נִישְׁט קֶענִין וִויסֶען אוּנ וֶועל זֶעהֶען אז דִיא גַאנְצֶע כַּוָונָה וָואס אִיךְ זָאל בְּרֵיינְגֶען דָאס קִינְד , אִיז נָאר לַאט אַ פַּאר גִינִיגֶען , נָאר כְּדֵי דִיא מוּטֶער זָאל קוּשִׁין אִיר קִינְד , אוּנ וּוא לִיבּ דֶעם אַלֵיין זָאל אִיךְ זִיךְ וַוארְפִּין אִין גְרוֹיסֶע סַכָּנוֹת . אוּנ אס קִינְד אוֹיךְ אַיין שְׁטֶעלִין , וֶועל אִיךְ דְרוֹיף נִיט בַּאשְׁטֶעהֶן : אִיךְ בִּין נָאר שׁוּלְדִיג אַיין שְׁטֶעלִין מַיין לֶעבִּין אוּם פַאר הִיטֶען דֶעם קִינְד , אוּנ נִיט אִיךְ זָאל אִים דֶער מִיט נָאךְ מֶער אִין גִיפַאהר שְׁטֶעלֶן .

מִיט דִיא גְדַאנְקֶן בִּין אִיךְ גְקוּמֶען וַוייטֶער צוּ דֶער הֵייל מִיטֶן קִינְד אִין מַיינֶע אָרֶעמְס אִיךְ הָאבּ גְמֵיינְט אִיךְ וֶועל בַּאגִינֶען דִיא מוּטֶר ועלְכֶע וֶועט בַּייא מִיר בַּאלְד דָאס קִינְד צוּ חַאפִּין , אִיךְ וֶועל דֶער עהֶען הָאטְשׁ וֶועמֶן עֶס אִיז , אָדֶער דֶער הֶערִין אֵיימֶצִין עֶפִּיס רֵיידִין : אִיךְ קוּם אַרַיין עֶס אִיז פִינְצְטֶער . שְׁטִיל , מֶע הֶערְט נִיט אוּנ מֶען זֶעהֶט קֵיינֶעם נִיט עֶס אִיז שְׁטִיל אוּנ שְׁרֶעקְלִיךְ וִויא אוֹיף אַ בֵּית עוֹלָם , אִיךְ עה נִיט פַאר מַיינֶע אוֹיגִין קֵיין לֶעבֶּעדִיק רִיר נִיט , אִיךְ רִיק זִיךְ אִין ער פִינְצְטֶער בִּיסְלֶעךְ וַוייס וַוייטֶער אִין הֵייל אַרַיין . מֶע הֶערְט נָאךְ אר נִישְׁט מֶע זֶעט נָאךְ גָאר נִישְׁט , אִיךְ שְׁטֶעה אַלַאנְגֶע צַייט , אִיךְ קוּם אַרַיין בִּיסְלֶעךְ וַוייס אוּנ מַיינֶע הָאר פוּן קָאפּ שְׁטֶעלִין זִיךְ מִיר אוֹיף פַאר גְרוֹיס מוֹרָא , אִיךְ וֶוער אַלְץ וָואס וַוייטֶער מֶעהֶר אוֹיסֶער זִיךְ מֵחֲמַת שְׁרֶעק , אִיךְ קֶער זִיךְ אִים מִיטִין פָּנִים צוּא רִיק אוּנ וִויל שׁוֹין אַוֶועק גֶעהֶן אִיךְ זָאל שׁוֹין אַרוֹיס פוּן הֵייל אוּנ אַנְטְלוֹיפִין מִיטֶן קִינְד . אִיךְ טְרַאכְט הַיינְט וֶועל אִיךְ שׁוֹין גָאר נִיט שׁוּלְדִיג זַיין . וָואס הָאבּ אִיךְ גִיקֶענְט מֶער הֶעלְפִין , אִיךְ הָאבּ לַאנְג גִיוַוארְט קֵיינֶער אִיז צוּא מִיר אַהִין נִיט גִיקוּמֶען , עֶס זָאל אָן זֵייגִין דָאס קִינְד אַזוֹי וִויא

מע

מֶע הָאט מִיר גִישְׁרִיבֶּן אִין בִּיכִיל . נָאר וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ דֶער צַיילִין מַיינֶע פְרַיינְד , וָואס דָא הָאט זִיךְ מִיט מִיר גֶעטָאן . הֶערְט אוּנ שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר וָואס פַאר אַמִין שְׁרֶעק דָא אִיז אוֹיף מִיר גִפַאלִין , זַייט זִיךְ מְשַׁעֵר : אִין דֶער פִינְצְטֶער אַז מֶע זֶעהְט פַאר זִיךְ גָאר נִישְׁט , אוּנ אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶר הַייל , אִין דֶער צַייט אַז אִיךְ פְלַאטֶער שׁוֹין אַזוֹי אוֹךְ פַאר פַּחַד , מִיט אַמָאל פִיל אִיךְ וִויא צְוַוייא גְרוֹיסֶע הֶענְט הַאפִּין מִיךְ פְלוּצְלִינְג אָן פַארִין פְלֵייצֶע , אִיךְ הָאבּ זִיךְ נָאךְ מֶער דֶער שְׁרָאקִין פַארִין קִינְד , אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִישְׁרָאקֶען צִי וִויל מֶען בַּייא מִיר נִיט רוֹיבִּין דָאס קִינְד , אִיךְ הַאלְט דָאס קִינְד זֶעהר שְׁטַארְק אִין מַיינֶע אָרֶעמְס אוּנ וִויל זִיךְ אוֹיס רַייסִין פוּן דִיא הֶענְט וָואס קְוֶועטְשִׁין מִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק , אוּנ אַנְטְלוֹיפֶן מִיט מַיין טַייעֶרִין לַאסְט , דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶר אוּמְוִוייסִינְדִיקֶער הַאלְט מִיךְ אָבֶּער שְׁטַארְק אוּנ פִיהְרְט מִיךְ צוּ רִיק צוּם הֵייל אוּנ טוּט מִיר שְׁטִילֶער הֵייט אַ זָאג , וָואס שְׁרֶעקְט אִיר זִיךְ ? פַארְכְט אַייךְ נִיט אוּנ קוּמְט נָאךְ מִיר , צוּ דֶער מוּטֶער פוּנִים קִינְד . וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ דֶער צַיילִין , וִויא שְׁטַארְק אִיךְ בִּין בַּייא זִיךְ פְרִיעֶר גִיוֶועזְן , וִויא שְׁטַארְק אִיךְ הָאבּ אוֹיף זִיךְ גִינוּמִין אִיבֶּער טְרָאגֶן אַלֶע לַיידוּנְגֶען פוּן דֶעם קִינְדְס וֶועגִין , נָאר אִין דֶער צַייט , בִּין אִיךְ שְׁטַארְק אָפּ עֶנְדִיג גִוָוארִין , אִיךְ הָאבּ גִטְרַאכְט זָאגִין אוֹיס דְרִיקְלֶיךְ , אוֹיבּ אוֹיף דֶעם אוֹפֶן , אַז אִיךְ זָאל זִיךְ אוּם טְרָאגֶן , מִיטֶען קִינְד , לָאז אִיךְ אִיבֶּער דָאס קִינְד אוּנ וֶועל אִים שׁוֹין מֶער מִיט זִיךְ נִיט נֶעמִין , אִיךְ בִּין אִין דֶער צַייט גִיוֶועזְן זֵייעֶר בֵּייז אוֹיף דֶער מוּטֶער מִיט אִיר שְׁלֶעכְטֶן פִירוּנְג , אִיךְ רוּף זִיךְ אָפּ אִין דֶער שְׁטִיל צוּם מֶענְטְשִׁין וָואס פִירְט מִיךְ , — זָאגְט מִיר וִויא אִיז דִיא מוּטֶער , לָאז זִיא זִיךְ נֶעמִין בַּייא מִיר דָאס קִינְד , אִיךְ קֶען אִיהם אוֹיף אַזַא אוֹפֶן מֶעהר נִיט מִיט נֶעמִין מִיט זִיךְ .

וואס

—וָאס זָאגְט איר גִינֶעדִיקֶער הֶערר, איר ווילְט אִיבֶּר לָאזֶען דָאס קִינְד איר ווִילְט אִים טויטִין ?

—טויטִין ? אִיךְ ווִיל טויטִין דָאס קִינְד, וויא אַזוי וֶועל אִיךְ עֶס טויטִין ?

—נִיט אִיר וֶועט עֶס טויטִין, זַיין אֵייגֶענֶע מוּטֶער וֶועט עֶס טויטִין.

—דִיא מוּטֶער וֶועט טויטֶן דָאס קִינְד ? אָךְ גָאט מַיין גָאט ! וויא הֶערְט זִיךְ דָאס אִין דֶער ווֶעלְט אַזוינְס, וָואס הֵייסְט, דִיא מוּטֶר אַלֵיין וֶועלְכֶע פַאר לַאנְגְט אִיךְ זָאל צוּ אִיר בְּרֵיינְגֶען צוּ טְרָאגִין דָאס קִינְד. וִיא זָאל אִים זֵייגִין מִיט אִיר בְּרִיסְט, אַזַא הֵייסֶע מוּטֶער וֶועט טויטִין דָאס קִינְד.

—יָא זִיא אַלֵיין וֶועט אִים טויטִין, אַז אִיר וֶועט אִים וַוארְפֶען, אַז אִיר וֶועט אִים נִיט אַוֶועק טְרָאגִין מִיט זִיךְ וֶועט זִיא אִים מוּזֶן טויטֶן, זִיא וֶועט אִים טויטֶן אונ וֶועט זִיךְ אַלֵיין אויךְ דֶעם לֶעבִּין נֶעמֶן.

—אָ הִימֶעל, עֶס אִיז גָאר שְׁרֶעקְלִיךְ, וָואס קָאן דָאס בַּאטַייטֶן ?

—דָאס טָארְט אִיר נִיט ווִיסֶן, אִיר מוּזְט נָאר ווִיסֶן, אַז אִיר לָאזְט לֶעבִּין אַמוּטֶר מִיט אַקִינְד וֶועלְכֶע זֶענִין זֵייעֶר אוּמְגְלִיקְלֶךְ.

—אִין דִיא רֵייד וָואס מִיר הָאבִּין גִירֶעט שְׁטִילֶער הֵייט זֶענִין מִיר פַאר גַאנְגֶן וַוייט אִין דֶער הֵייל, אִיךְ הָאבּ גִפִּיהלְט אַז מִיר זֶענִין עֶפִּיס עֶרְגִיץ אַרַיין, נָאךְ אִין אַפִינְצְטֶערֶן אורְט וויא בִּיז אַצוּנְד, נָאר אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען אַז דָא בִּין אִיךְ אִין אַ צוּגֶעקְלִיבֶּן אורְט מִיט מֶעבִּיל וָוארוּם אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אַז אַ מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ מִיט גִישְׁווִינְדֶקֵייט

אווארף

אַוואַרף גיטאן אַקעגין אינז, איך האב גיהערט אַז פון דעם וואס זיא (דאס איז גיוועזן אַפראוויענציער) האט זיך שטארק אַהאפ גיטאן פון אורט. האבן זיך צו ריקט ביינקלעך פון דיא ערטער אינ אַטיש איז אַנידער גפאלין, זיא איז צו גלאפן צו אונז אונ זאגט מיט אַציטערדיג קול, נוא וואס? דאס קינד איז דא?—יא העריינטע עס איז דא האט איר גיענטפערט דער מענטש וואס פירט מיך, ער איז דא מיט זיין וואלטעטיגען, מיטין גינעדיקען מאן. איך פיהל וויא זיא נעמט ביא מיר פון דיא הענט דאס קינד אינ זאגט דער ביא, מיט אַגרויס גיוויין אַז מיך האט ביים הארצין פאר נומין:

אָ מיין זון, מיין טייערער זון! אָך ליב קינד, קום, קום צוא מיר, לאמיך דיך האטשי, אַזכיה האבין אַביסיל אין מיינע אָרעם האלטן...; גיזונט מיט לאנגע יאהר זאל אייך גאט געבין איר גוטער אומבעקאנטער מענטש! אָך גאט מיין גאט, נאר אַ מלאך פון הימיל האסטו מיר אַראפ גישיקט צו היילין מיר מייני ווינדין, דוא האסט מיר צו גשיקט אַזא מאן וואס טוט מיט מיר אַזוי פיל גינאד. אָ מיין הערר מיין גוטער הער, איר ווייסט ניט מיין אומגליקליכען שטאנד, אָך! אַז איר וואלט וויסען דיא פאר כארגענע גיבארן שאפט פון דעם קינד, אָבער ניין. איר וועט דאס לאנג ניט וויסען. אונ פילייכט קיין מאל ניט, עס מוז אַזוי זיין... אָ אומגליקליך קינד, רוה זיך אַביסעלע אויס אין מיין שוים, עס איז דאך מיר אַחיות אַז איך האלט דיך, אָך אַז איך וואלט גיקענט האטשי אָן קוקן דיין אָן גיזיכט.

דיא אַלע רייד האט דיא פרוי גירעט מיט אַצוריסענע שטימע פאר גרויס גיוויין. זיא האט ניט אויף גיהערט צוא וויינען אונ צוא קלאגין, ביא מיר האבן זיך אויף גילאזט בעת מעשה אַקוואר מיט טרערין פון

דְריא אויגִין אִיר קֶענְט זִיךְ נִיט פָאר שְׁטֶעלִין אִין וָואס פַאר אַלַאגֶע אִיךְ הָאבּ זִיךְ רֶענְצְטְמָאל גִיפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אַז מַיינֶע קְרֶעפְטִין וֶועלִין זִיךְ מִיר עֶנְדִיקִין, שׁוֹין הֶעכֶר אַז אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע אַז מֶע פִירְט מִיךְ אִים אִין הַאלְבֶּע נַאכְט אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, אִיךְ וֵויים נִיט וִויא אִיךְ בִּין אוּנ וֶוער רֶעט מִיט מִיר, אוּנ דֶער צוּ אַזַא אוּמְטִיקֶע דְרַאמֶע, אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע, וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ מִיר בֵּעת מַעֲשֶׂה דָארְטֶן פָאר גִישְׁפֶּעלְט, גָאט מַיין גָאט, וֶוען אִיךְ דֶער מַאן זִיךְ דָאס. שְׁטֶעלִין זִיךְ מִיר מַיינֶע הָאר קַאפּוֹיר. עֶס אִיז גִיוֶוען צוּא מִישְׁט שְׁרֶעקֶענֶעשׁ מִיט רַחֲמָנוּת: אִיךְ קָאן אַייךְ נִיט מְשַׁעֵר זַיין דֶעם מִיט לַייד וָואס אִיךְ הָאבּ גִיהַאט מִיט דֶער פְרוֹי, אִיר קוֹל אִיר גִיוֵויין, עֶס הָאט מִיר צוּא רִיסִין מַיין הַארְץ, הַכְּלַל אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען וִויא אַבַּאצוּיבֶּערְטֶער, אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִיקֶענְט פוּן אָרְט רִירִין, אוּנ אוֹיךְ נִיט אַרוֹיס לָאזִין אַוָוארְט פוּן מַיין מוֹיל, אִיךְ הָאבּ נָאר אָפּ גִיגִיבִּין דָאס קִינְד פוּן מַיינֶע הֶענְט אוּנ בִּין וַוייטֶער גִיבְּלִיבִּין שְׁטֵיין וִויא צוּא גִישְׁמִידְט. אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקָאנְט רֵיידִין אַ וָוארְט, אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אוֹיס שְׁמוּסֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ פְרִיעֶר אָפּ גִיקְלֶערְט אַז אִיךְ זָאל זָאגִין אַז אִיךְ קֶען וַוייטֶער נִיט בַּאשְׁטֶעהֶן אוֹיף דָעם אוֹפִין, אִיךְ זָאל טְרָאגִין אַלֶע נַאכְט אַהֶער דָאס קִינְד.

דֶער נָאךְ טוּט מִיךְ וַוייטֶער אֵיימֶעצֶער אַנֶעם פַארִין הַאנְט, אוּנ הָאט מִיךְ אָן גִיהוֹיבִּין וַוייטֶער צוּא פִירִין, אִיךְ בִּין אָפּ גִיגַאנְגֶען אַזוֹיא וִויא צְוָואנְצִיג טְרִיט הָאט מֶען מִיךְ אִיבֶּער גִילָאזְט אַלֵיין, אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא אַ טִיר הָאט זִיךְ נָאךְ מִיר צוּא גִימַאכְט אִיךְ בִּין גִיבְּלִיבִּין שְׁטֶעהִן אֵיינֶער אַלֵיין, עֶס אִיז גִיוֶוען שְׁרֶעקְלִיךְ. אִיךְ בִּין אַזוֹי גִישְׁטַאנֶען אַ הִיפְּשֶׁע וַוייְלֶע מִיט אַמָאל הָאבּ אִיךְ דֶער זֶעהֶען

גאַנץ ווייט פון מיר אין היֵיל אַשֵיין פון פַייֶער . איך הָאבּ זיך גילָאזְט
גֶעהֶן אַהִין : איך בִּין גיגאַנגֶען אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע נָאך אַנאַנְד בִּיז איך
הָאבּ גיגְרֵייכְט צוא דֶעם אָרְט . איך הָאבּ דֶער זֶעהֶען אַ פַּאנַאר שְׁטֵייט
אוּנ לֶעבִּין אִים לִיגְט ווייטֶער אַבִּיכֶעלֶע : איך לֶעז אִין בִּיכֶעלֶע דִיא
דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער נֶעמְט דֶעם פַּאנַאר . אוּנ גֵייט צוּ דֶער רֶעכְטֶער זַייט וֶועט
איר גיפִינֶען ווייטֶער דָאס קִינְד אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם אָרְט . וָואס איר
הָאט אִים נֶעכְטִיגֶע נַאכְט גיפוּנֶען . נֶעמְט אִים אוּנ גֶעהְט זַיין גאַטְס
נאָמֶען . דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער זָאל רֶעכֶענֶען איך אַייֶער גוּטְס אוּנ גִינָאד .
וָואס איר טוּט ; איך טוּא אַזוֹי . איך נֶעם דֶעם פַּאנַאר אוּנ גֶעה
ווייטֶער לַאנְג צוּא דֶער רֶעכְטָער זַייט אִין הֵייל איך גִיפִין דאס קִינְד .
מַיין קָאפּ הָאט זיך מִיר פַאר דְרֵייט איך הָאבּ נִיט גִיווִיסְט וִויא אַזוֹי
איך הָאבּ זיך אוֹיס גִידְרֵייט צוּם אֵייגֶענֶעם אָרְט וָואס איך הָאבּ נֶעכְטִין
גיפוּנֶען דָאס קִינְד . פַאר גְרוֹיס מִיה אוּנ פַאר גְרוֹיסֶע צוּא רוּדֶערִינְג
הָאבּ איך זיך אַזוֹי פַאר טוּמֶעלְט אַז איך הָאבּ גָאר נִיט גיווּסְט וִויא
אַזוֹי איך זָאל זיך נֶעמֶען צוּם אַרוֹיס גַאנְג פוּן דֶער הֵייל . נאָר צוּם
גְלִיק הָאט שׁוֹין אָן גִידוֹיבִּין צוּא טָאגִין הָאבּ איך פוּן ווייטִין גִיקֶענְט
בַּאמֶערְקִין אַז עֶס שַׁיינְט אַרֵיין אַלִיכְטִיקֵייט פוּן אַרֵיינְגַאנְג אִין הֵייל .
איך הָאבּ זיך בַּאלְד אַהִינְצוּ גִינוּמֶען אוּנ בִּין אַרוֹיס פוּן הֵייל הַאלְטִינְדִיג
דִיך וִויקְטָאר אוֹיף דִיא הֶענְט ; דוּא בִּיסְט נָאך דַיין מוּטֶערְס מִילְך
גִישְׁמַאק גִישְׁלָאפִין אַגַאנְץ וֶועג , בִּיז מִיר זֶענִין גִיקוּמֶען אַהֵיים .

5

# דִיא פֶּערְטֶע נַאכְט אוּנ וַואלְד

—אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ דוּרְךְ גִישְׁלָאפִין אוּנ אוּם גִירוּהט נָאךְ מַיין װֶעג אוּנ גְרוֹיסֶער מִיה . פוּן דֶער פַארְגַאנגֶענֶער נַאכְט ; הָאבִּין זִיךְ מִיר מַיינֶע גִידַאנְקֶען אִין קָאפּ נִיט גִימִיעסִיגְט . אִיךְ הָאבּ עֶרְשְׁט אָנגֶעהוֹיבִּין צוּא בֶּעװוּנְדֶערִין װָאס עֶס טוּט זִיךְ מִיט מִיר דָא אָפּ . עֶפֶּעס הָאט מֶען פוּן מִיר גִימַאכְט אַגַאנְצֶען טֶעאַטֶער—שְׁפִּיל . דִיא אִימְבֶּעקָאנְטֶע פְרוֹי הָאט מִיךְ גִילָאזְט שְׁפִּילִין זֶעהר אַשְׁרֶעקְלִיכֶע רָאלֶע זֶעהר אַגִיפֶּעהלִיכֶע . אִיךְ הָאבּ גִידַאנְקְט גָאט אַז עֶר הָאט מִיר צוּא גִישִׁיקְט אַהֵיילוּנְג צוּ מַיינֶע װוּנְדִין װֶעלְכֶע הָאבִּין מִיךְ אַזוֹי לַאנְג גִימוּטְשֶׁעט. מִיר הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין גִיפֶעלְט אַלֶע פְרִיעֶרְדִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע גִידַאנְקֶען ; אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָבֶּער אִיצְט אוֹיךְ גִיפוּנֶען אִין אַשְׁלֶעכְטֶער לַאגֶע , װֶוען אוֹיךְ עֶס אִיז נִיט גְלַייךְ צוּא פְרִיעֶער . אִיךְ בִּין בַּייא זִיךְ גִיוָוארִין רֵיינֶער אִין סָאוִויסְט װֶעגִין מַיין שְׁרֶעקְלִיכִין פַּאר בְּרֶעךְ פוּן צִיצִילְיָען מִיט אִיר מַאן . עֶס אִיז אָבֶּער גִיוֶוען זֶעהר שְׁרֶעקְלִיךְ אִיצְטִיגֶער שְׁטַאנְד אוֹךְ ; אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִפָארְכְט פַר מַיין לֶעבִּין װָאס עֶס הָאט זִיךְ גִיפוּנֶען אִין גִיפַאהְר. גֶעהנְדִיק בַּייאָן נַאכְט אִין וַואלְד אוּנ אוּמְקְרִיכִין אוּנְטֶער דֶער עֶרְד. אוֹךְ הָאבּ אִיךְ נִיט גִישְׁפָּארְט מַיין מִיה . נֵיין . נִיט דָאס אוּנ נִיט דָאס . דִי גַאנְצֶע שְׁרֶעקֶענֶשׁ מַיינֶע אִיז נָאר גִיוֶוען . אִיךְ זָאל נִיט אָן װֶוערִין דָאס קִינְד . דָאס קִינְד װָאס הָאט אִין מִיר גִידַארְפְט גִיפִינֶען אַ רֶעטֶער . װֶעל אִיךְ אִים אַלֵיין טְרָאגִין צוּם טוֹיט ; אוּנ דַאן . װֶועלִין מַיינֶע שְׁמַארְצִין נָאךְ פֶּערְמֶערְט װֶערִין . מַיינֶע פְרִיעֶרְדִיקֶע וֵוייטִיגִין װֶעלִין זִיךְ מִיר אוּם קֶערִין . אוּנ עֶס װֶעלִין נָאךְ צוּ קוּמֶען דִיא נַייֶע פוּן מַיין

קליינעם

קְלֵיינֶעם וִויקְטָארִין וְואס רֵייבֶּער קֶענֶען׳ אִיהם בַּייא מִיר אָווּעק נֶעמֶען׃ אָדֶער עֶפֶּעס אִיבֶּער אֶ ווֶעלְכִין עֶס אִיז צוּ פַּאל. וֶועט עֶר מוּזִין אִיבֶּער בְּלַייבִּין בַּייא זַיין מוּטֶער וֶועט זִיא אִים אַלֵיין טוּיטִין. אַזוֹי וְוִיא מִיר הָאט גִיזָאגְט דֶער מֶענְטְשׁ. וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ אוּם גִיפִירְט אִין הֵייל. דֶער צוּ הָאבּ אִיךְ דָאס גִיפִינֶען פַר אַ וָוארֶע מְשׁוּגַעַת פוּן דֶער מוּטֶער וָועלְכֶע הָאט זִיךְ אַזוֹ פִּיל גִיוָואלְט נָאךְ גֶעבִּין. צוּ לִיבּ אַיין פַּארְגְנִיגֶען הֵייסִין טְרָאגִין צוּ זִיךְ דָאס קִינְד אַלֶע נַאכְט אִין אַשְׁרֶעקְלִיכֶען אוּנ גִיפֶערְלִיכִין אָרְט. אִיךְ הָאבּ דָאךְ גוּט אַרוֹיס גִיזֶעהֶען וְוִיא אַזוֹי זִיא נֶעמְט בַּייא זִיךְ צוּ דָאס קִינְד אִין גִיהֵיים אוּנ גְרוֹיס בֶּעהֶעלְטֶענֶעשׁ, וְויא אַזוֹ שְׁטִיל מֶע הָאט גִירֶעט. מֶע הָאט זִיךְ גִיפָּארְכְט אַהוֹיךְ קוֹל אַרוֹיס צוּ לָאזְן. הַיינְט וְוִיא אַזוֹי שְׁטֶעלְט זִיךְ אוּנְטֶער אַ מוּטֶער. וָואס וַוייזְט אוֹיס אַזוֹי הֵיים צוּ אִיר קִינְד. הֵייסִין אִים בְּרֵיינְגִין אִין אַגְרוֹיס גִיפַאהר׃

אִיךְ הָאבּ מִיר אַזוֹי גוּט אִיבֶּער גִיקְלֶערְט אוּנ אִיבֶּער גִיטְרַאכְט. אִיךְ הָאבּ גֶעכְטֶין נִיט גִיקֶענְט אֶבְּיַאוֶועַן. אַז אִיךְ וֶועל דָאס קִינְד נִיט בְּרֵיינְגֶען מֶער. אַזוֹי וְוִיא אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַייךְ דֶער צֵיילְט. נָאר אִיךְ הָאבּ בְּאֵין אוֹפֶן נִיט גִימָארְט מֶער דֶער וֶועגִין זִיךְ טְרָאגִין דָאס קִינְד אִין וַואלְד; עֶס קֶען אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין (הָאבּ אִיךְ גִיטְרַאכְט) אַז דִיא אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע מוּטֶער פַאר גְרוֹיסֶע צָרוֹת פַאר גְרוֹיס פַּיין הָאט זִיךְ פוּן מוֹחַ גִירֵירְט. אוּנ פָּארֶערְט. נִיט מִיט קְלָארֶע גִידַאנְקֶען אַזַא נַארֶעשֶׁע זַאךְ. בַּייא מִיר אִיז פְרִיהֶער גִיבְּלִיבֶּען גָאר נִיט צוּ גֶעהֶן אִין וַואלְד מֶער. נָאר דֶער נָאךְ אָבֶּער הָאבּ אִיךְ זִיךְ אִיבֶּער גִילֵייגְט. אַז אַזוֹי אִיז נִיט גְלַייךְ; עֶס אִיז נִיט קַיין יוֹשֶׁר. אִיךְ הָאבּ דָאךְ אִיהר נִיט גִיזָאגְט אַז אִיךְ וֶועל מֶער נִיט קוּמֶען. זִיא קֶען מֵיינֶען אַז אִיךְ בִּין

ערגעץ

עֶרגֶעץ אוּמגִיקוּמֶען מִיט אִיר זוּן . זִי וֶועט נֶעבֶּעךְ פַאר צַעַר שְׁטַארְבִּין׳ זִי אִיז נֶעבֶּעךְ אַזוֹי אוֹיךְ אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע . גֵיין . אִיךְ קֶען אַזוֹי נִיט טָאן . אִיךְ קֶען אַזוֹי נִיט טָאן ; אִיךְ קֶען אַזוֹי אוּמֶענְטְשְׁלִיךְ נִיט בֶּעגֵיין זִיךְ . אוּנ דֶער צוּ הָאבּ אִיךְ טַאקִי אַלְץ נָאךְ גִיקְלֶערְט דֶער גֶעהן פוּן דֶער פְרוֹי . וָואס אִיז דֶער מֶער מִיט אִיר ? אִין וָואס עֶס בַּאשְׁטֶייעֶן אִיהרע אוּמְגְלִיקִין ? פִילַייכְט וֶועל אִיךְ אִיר קֶענֶען פִיל וֶוינִיג זַיין צוּ הִילְף . אוֹיךְ וֶועט זִיא מִיר פִילַייכְט עֶנְדֶעקִין וִויקְטָארְס פַארְבָּארְגֶענֶע גֶעבּוּרְט . דְרוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעטְרַאכְט גֶעהֶן וִוידֶער אִין וַואלְד . נָאר שׁוֹין אַלֵיין . דָאס קִינְד וֶועל אִיךְ נִיט מִיט גֶענֶעמֶען , דֶער מִיט וֶועל אִיךְ אַלֶע זַאכִין פַאר רִיכְטִין : דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹי וֶועט וִויסִין פוּן מִיר , אַזוֹ אִיר קִינְד אִיז גַאנְץ , אַז אִיךְ הָאבּ אִיר קִינְד גִיבְּרַאכְט גֶעכְטִין בְּשָׁלוֹם צוּא מִיר אַהֵיים , אִיךְ וֶועל נָאר מוּזִין עֶפֶּעס אוֹיס טְרַאכְטֶען אַ לִיגִין אַז אִיךְ הָאבּ אִיבֶּר אַ גִיוִויסֶער מְנִיעָה נִיט גִיקֶענְט מִיט גֶענֶעמֶען דָאס קִינְד מִיט זִיךְ , אוּנ דַארוּם בִּין אִיךְ אַלֵיין גִיקוּמֶען צוּא אִיר , אוּנ אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט אָפּ טְרֶעטִיי , זִיא זָאל מִיךְ עֶפֶּעס מַאכֶען בַּאקָאנְט מִיט אִיר מֶערְקְוִוירְדִיגֶער גִישִׁיכְטֶע . אוּנ פוּן אִירֶע רֵייד וֶועל אִיךְ שׁוֹין קֶענֶען שְׁלִיסִין צוּא אִיז דֶעם קִינְד זִיכֶער מִיט מַיין טְרָאגֶען אִים אַהֶער אוּנ דַאן בִּין אִיךְ גְרֵייט צוּ הַאלְטִין וָוארְט , אָבֶּער אוֹיבּ נִיט , אוֹיבּ דאס קִינְד אִיז אִין גִיפַאהר , אַזוֹ זָאג אִיךְ מִיךְ אָפּ דֶער פוּן . אִיךְ וֶועל דַאן דָאס קִינְד אִיהְר , זַיין אֵייגֶענֶער מוּטֶער אוֹיךְ נִיט אָפּ גֶעבִּין , וָוארִים פִילַייכְט טוּיט זִיא אִים אַלֵייז אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אִין דֶער הֵייל , הַכְּלָל אִיךְ וֶועל דָארְטִין פוּן אַלֶעם וִויסִין וֶועל אִיךְ שׁוֹין דֶעמָאלְט-פַאר שְׁטֶעהְן וִויא אַזוֹ צוּא טָאן .

בַּייא מִיר אִיז דֶער פְּלַאן גִיבְּלִיבִּין פֶעסְט אוּנ בִּין אַלֵיין וֶועהְר צוּא פְרִידִין גִיוָועְן פוּן מַיין עֵצָה עֶפֶּעס הָאט מִיר מַיין הַארְץ גִיזָאגְט אַז אִיךְ טוּא גְלַייךְ

גְלַייךְ , אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט גִיווּסְט אַז אִיךְ גֶעה אַליין צוּא אִימְגְלִיקְלִיכִין צוּפַאל אִיךְ הָאבּ נִיט גִיוִויסְט אַז אִיךְ גֶעה דָא אוֹיף סַכָּנוֹת נְפָשׁוֹת ׃

אִיךְ בִּין מִיר תְּחִילַּת הַלַּיְלָה אַוֶועק גִיגַאנְגֶען ׃ דִיא לְבָנָה הָאט גְשַׁיינְט דֶער הִימֶעל אוֹיס גִישְׁטֶערִינְט ׃ אִיךְ בִּין גִיגַאנְגֶען שְׁטַארְק פַאר טְרַאכְט אוּנ פַאר טִיפְט אִין מַיינֶע גִידַאנְקֶען אִיךְ הָאבּ אָפּ גִיקְלֶערְט וָואס צוּא רֵיידִין ׃ וְוִיא אַזוֹי אַרַיין צוּא גַנְבֶענֶען זִיךְ צוּ דֶער פְרוֹי אִין נֶאֱמָנוּת ׃ זִי זָאל פַאר מִיר קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבִּין צוּ פֶערְדֶעקִין אִירֶע סוֹדוֹת ׃ אוּנ טָאמֶער וֶועל אִיךְ אִיר אַלֵיין קֶענֶען הֶעלְפִין פוּן אִירִי אִימְגְלִיקִין זָאל אִיךְ טָאן אַלֶע מִיגְלֶעכְקֵייט צוּא הֶעלְפִין אִיר ׃ וְוִיא אִיךְ גֶעה אַזוֹי פַאר טְרַאכְטֶער הֵייט ׃ דֶער הֶער אִיךְ אֵיימֶעצֶער הָאט לֶעבִּין׃ מִיר אַ שְׁטַארְקִין פַייף גִיטָאן , אִיךְ הָאבּ נָאךְ נִיט צַייט גִיהַאט אַ קֶער צוּ טָאי זִיךְ צוּ נֶעהְמֶען מַיין גִיוֶועהר אִין הַאנְט הָאט מֶען מִיר שׁוֹין פַאר בִּינְדִין דִי פִיס מִיט דִיא הֶענְט אִין דֶעם גַאנְצִין קֶערְפֶּער , אוּנ צוּא גִישְׁטוּפְּט מִיטִין פָּנִים צוּא אַבּוֹים , אוּנ בַּאלְד אַזוֹי שְׁטַארְק צוּא גִיבּוּנְדִין אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גִיקָאנְט הִינְטֶער זִיךְ אַקוּק טָאן , אִיךְ הָאבּ נִיט גִיזֶעהֶען וֶוער זֶענִין דִיא לַייט , וֶועלְכֶע הָאבִּין מִיךְ מִיט שְׁטְרִיק אַזוֹי גִישְׁווִינְד אַיין גִיפְלָאנְטֶעט אוּנ פַארְדְרֵייט , אוּנ אִין דֶער מִינוּט הָאט מֶען בַּייא מִיר אוֹיס גְרִיסִין מַיין שְׁוֶוערְד אוּנ אוֹיס גִיטָאן פוּן מִיר מַיינֶע פִּיסְטָאלֶעטִין מִיט מַיין גַאנְצִין גִיוֶועהר , עֶס אִיז אַלְץ צִיא גִיגַאנְגֶען גִישְׁווִינְד , אַז אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען אַז מִיךְ הָאבִּין דָא בַּפַאלִין אַזֶעלְכֶע לַייט וֶועלְכֶע זֶענִין גֶעלֶערִינְט גִיוָוארִין ׃ אוּנ פוּן לַאנְג גִיווָאנְט אִין דֶער דָאזִיגֶער מְלָאכָה , אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטַאנֶען , אַז דָאס זֶענִין רַאזְבּוֹינִיקֶעס , מַיין עֶרְשְׁטֶער גִידַאנְק אִין דֶער מִינוּט אִיז גִיוֶוען ׃ צוּ דַאנְקֶען גָאט , וָואס אִיךְ הָאבּ נִישְׁט דָאס קִינְד מִיט זִיךְ , אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַזוֹי נִיט גִישְׁרָאקֶן פַאר דֶעם וָואס מִיט מִיר וֶועט זִיךְ דָא פַּאסִירִין אִיךְ הָאבּ זִיךְ גָאר גִיפָארְכְט , טָאמֶער

זענין

זֶענִין דָאס אַזֶעלְכֵי לַייט וָואס יָאגִין נָאךְ דֶעם קִינְד, אונ לָאקֶערֶען צוּ בַּאקוּמֶען יֶענֶעם, וֶוער עֶס הָאט צוּ גִינוּמֶען דָאס קִינְד. טָאמֶער וֶועט מֶען מִיר אָן טָאן אַלֶע עִנוּיִים קָשִׁים וּמָרִים. אִיךְ זָאל אָפּ גֶעבִּין דָאס קִינְד. אִיר קֶענְט אַייךְ פָאְרשְׁטֶעלִין וִויא אַזוֹי מִיר אִיז דֶענְסְטְמָאל גִיוֶוען בִּיטֶער אוֹיפֶען הַארְצֶען.

וִויא בַּאלְד מֶען הָאט מִיךְ שׁוֹין גוּט צוּ גִיבּוּנְדֶען הָאט זִיךְ אֵיינֶער פוּן דִיא מֶערְדֶער צוּ מִיר אָן גִירוּפִין: וֶוער בִּיסְטוּ?

וֶוער בִּיסְטוּ אַלֵיין פְרֶעג אִיךְ אִים מִיט כַּעַס?

דוּא וֶועסְט גִיוָואר וֶוערִין וֶוער מִיר זֶענִין, זָאגְט עֶר. נָאר זָאג וֶוער בִּיסְטוּ; וִויא אַזוֹ הֵייסְטוּ אוּנ וָואס טוּסְטוּ דָא? עֶנְטְפֶער בַּאלְד אוּנ אַז נִיט וֶוערְשְׁטוּ בַּאלְד גִיטוֹיט.

אִיךְ בִּין אַ זֶעלְנֶער. אִיךְ זוּךְ דֶעם וֶועג הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטְפֶערְט.

אִין דֶעם הָאט אֵיינֶער פוּן זֵייא צוּ שְׁטוּפְּט זַיינֶע חֲבֵרִים אוּנ הָאט זִיךְ אַוָועקְ גִיטָאן צוּ מִיר. אוּנ זָאגְט: אַי בְּרוּדֶער! מִיר אִיז דֶער קוֹל בַּאקַאנְט, לָאזְט מִיךְ נֶעהֶענְטֶער, דַאכְט זִיךְ אַז דָאס אִיז דֶער בַּארָאן פְרִיצֶערִין וָ— יָא אִיךְ בִּין דָאס, הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטְפֶערְט. פוּן וַואנֶען קֶענְסְטוּ מִיךְ?

—אִיךְ הָאבּ גִידִינְט אִין דַיין פָאלְק, אִיךְ בִּין אַיין אַנְטְלָאפֶענֶער זָעלְנֶער, הַיינְט דִין אִיךְ אִין דֶער אַרְמִיֶע בַּייא רָאזְשֶׁערִין, בְּרוּדֶער אִיר וֵוייסְט נִיט, וָואס פַאר אַגְרוֹיסֶער מַאן דָאס אִיז, עֶר אִיז אַ בַּעַל מִלְחָמָה. אֵיינֶער אִין גַאנְץ אֵירָאפֶּע.

זעהר

—זֶעהְר גוּט, זָאגְען דִיא אִיבְּרִיקֶע אַזֶעלְכִין דַארְפֶען מִיר אַצוּנְד הָאבִּין, מִיר וֶועלִין אִים אַוֶועק פִירִין צוּ אוּנְזֶר עֶלְצְטִין.

—וֶוער אִיז אַייֶער עֶלְצְטֶער, וֶוער אִיז דֶער רָאזְשֶער? פְרֶעג אִיךְ זַייא.

—אַ גְרוֹיסֶער מַאן, וֶועלְכִין וִויא בַּאלְד דִיא וֶועסְט זֶעהֶען וֶועסְטוּ גִיוִויס לִיבּ בַּאקוּמֶען.

—אִיךְ וֶועל לִיבּ בַּאקוּמֶען דֶעם עֶלְצְטִין פוּן אַזֶעלְכֶע מֶערְדֶער וִויא אִיר! אִין לֶעבִּין נִיט קַיין מָאל קֶען אִיךְ נִיט לִיבִּין אַזַא שְׁלֶעכְטִין מֶענְטְשִׁין. רֵייד זִיךְ וָואס דוּא ווִילְסְט מִיר וֶועלִין דִיר נִשְׁט טָאן מִיר זֶענִין דִיר אַלְץ מוֹחֵל, מִיר שַׁיינֶען אַזַא מַאן וִויא דוּא, אוּנְזֶר עֶלְצְטֶער הָאט אוּנְז נִיט אֵיין מָאל דֶער צֵיילְט פוּן דִיר מִיט דַיינֶע גְבוּרוֹת, וָואס דוּ הָאסְט גִיוִויזִין אִין מִלְחָמוֹת.

זַייא הָאבִּין מִיךְ אָפּ גְבִּינְדֶען פוּן בּוֹים אוּנ הָאבִּין מִיר דִיא הֶענְט שְׁטַארְק פַאר בּוּנְדִין אִין דוּרְךְ גִילֵייגְט דוּרְךְ זַייא אַלַאנְגֶען שְׁטֶעקִין כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט קֶענִין אַנְטְלוֹיפִין, אוּנ הָאבֶּן מִיךְ אַוֶועק גִיפִירְט נָאךְ זִיךְ. אַגַאנְצֶע שְׁטוּנְדֶע זֶענִין מִיר גְגַאנְגֶען בִּיז מֶע הָאט מִיךְ גִיבְּרַאכְט צוּא אַשְׁטִיבִּיל מִיר גֶעהֶן אַרַיין אִין שְׁטִיבִּיל, דִיא טִיר הָאט מֶען נָאךְ אוּנ פַאר שְׁלָאסִין, פוּן שְׁטִיבִּיל הָאט מֶען מִיךְ אַרָאפּ גְפִירְט אוּנ אַקֶעלֶער מֶע הָאט אוֹיף מִיר אָן גִיטָאן אַיין אַייזֶערְנֶע קֵייט, וֶועלְכֶע אִיז גִיוֶועזִיא גִישְׁלָאגִין צוּא אַגְרוֹיסִין פֶעלְזִין אוּנ הָאבֶּען נִיט וַוייט פוּן מִיר אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט אַפַאנַאר מִיט פַייעֶר אִין זֶענִין אַוֶועק גְגַאנְגֶען זָאגִינְדִיג דִיא ווערְטֶער:

אגוטע

—אַגוטֶע נַאכְט פְּרִיצֶערִין ! מָארְגִין וֶועסְטוּ זֶעהֶען אוּנְזֶר עֶלְצְטִין ,
אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנ פְרַיינְד , רָאזְשֶׁערִין .

## 6

## דִיא פִינְפְטֶע נַאכְט אִין וַואלְד

שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר מַיינֶע לִ׳בֶּע פְרַיינְד , אִיז וָואס פַאר אַ לַאנֶגע אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶענְקְמָאל גִיפוּנִין , וִויא אַזוֹי מִיר אִיז גִיוֶועזִן צוּ שְׁטֶעהֶן צוּא גִישְׁמִירְטֶער הֵייט אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אָרְט , גְלַייךְ וִויא דֶער גְרֶעסְטֶער מֶערְדֶער וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין וִויפִיל מָאל אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶער תְּפִיסָה , אָדֶער גְלַייךְ וִויא אַווִילְדֶע חַיָה וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ , גִוָוארְפִין צוּא רַייסִין זֵייא :

אִיךְ הָאבּ דָא גִידַארְפְט עֶרְוַוארְטֶען זֶעהֶר אַשְׁרֶעקְלִיכֶע זַאךְ :

אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען אַז מֶע וֶועט מִיךְ דָא גֵייטִין צוּ בַּאהֶעפְטֶען זִיךְ צוּא דִיא מֶערְדֶער צוּא פַאר נֶעמֶען זִיךְ גְלַייךְ מִיט זֵייא אוּנ זֵייעֶר שֶׁענְדְלִיכֶען פְרָאמִיסֶעל , יאוּנ אוֹיבּ אִיךְ וֶועל דְרוֹיף נִיט בַּאשְׁטֶעהֶן , פַאר שְׁטֶעהֶט כֶען גַאנְץ גוּט וָואס אַזֶעלְכֶע לַייט קֶענֶען מִיט מִיר טָאן , וָואס פַאר אַ בִּיטֶערֶע יְסוּרִים זֵייא קֶענִין מִיר אָן טָאן אִיךְ זָאל בַּאשְׁטֶעהֶן אוֹיף זֵייעֶר פַאר לַאנְגֶען , אִיךְ זָאל וֶוערִין זֵייעֶרֶער אַחֲבֶר , אִיךְ הָאבּ שׁוֹן זִיךְ נִיט גְרִיכְט צוּא פַאר בְּלַייבִּין דָא אִין דִיא הֵיילִין אוֹף אֵייבִּג : אָדֶער אַלֶעבֶּעדִיקֶער אִין גְרוֹיס פַּיין , אָדֶער שֵׁיידִין זִיךְ מִיט דֶער וֶועלְט :

אִין דִיא דָאזִיגֶע רַעְיוֹנוֹת , הָאבֶּן זִיךְ מִיר גְלָאזְט אַקְוַואל טְרָערִין ,
אִיךְ

אִיךְ הָאבּ גִוֵויינְט שְׁטֵייעֶנְדִיק דָארְטְן זֶעהֶר גִישְׁמַאק.

אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער, אַז אִיךְ וֶועל זִיךְ שׁוֹין מִיט אַייךְ מֶער נִיט זֶעהֶען, אָךְ וִויא טְרוֹיעֶרִיג דָאס אִיז בַּייא מִיר גִיוֶועזְן. עֶס אִיז מִיר נִיט אַרוֹיס פוּן זִינֶען מַיין קְלֵיינֶער וִויקְטָאר, אִיךְ הָאבּ דָאךְ אִים אַרַיין גִינוּמֶען אִין מַיין הוֹיז, צוּא זַיין אִים אַפְּאטֶר אַ עֶרְצִיהֶער. אוּנ מַיין טָאכְטֶערִיל קְלִימֶענְצִיעֶ אַגִידֶעכֶענֶעשׁ פוּן מַיין לִיבֶּע צִיצִילִיעֶ. אִיךְ הָאבּ נָאךְ דֶענְסְמָאל בַּאשְׁלָאסִין מַיינֶע קִינְדֶער. אִיר זָאלְט זַיין אַיין אֵייבִּיגֶע פָאר פָאלְג. לְסוֹף דַארְף אִיךְ פוּן אַייךְ וֶוערִין פַאר שְׁווִינְדֶען אִיר וֶועט אֲפִילוּ נִיט וִויסֶען וִויא אִיךְ בִּין הִין גִיקוּמֶען, דִיא גַאנְצֶע נַאכְט הָאבִּין מַיינִי אוֹגִין נִיט גִיטְרִיקְנְט, אִיךְ הָאבּ גִיוֵויינְט אָן אוֹיף הֶער מִיר הָאט זִיךְ דִיא צַייט אַזוֹ לַאנְג אוֹיס גִנֶעבִּין גְלַייךְ אַז אִיךְ שְׁטֶעה דָא שׁוֹין דְרַייא נֶעכְט נָאךְ אַנַאנְד אוּנ אִין אֱמֶת טַאקֶע הָאט שׁוֹין גִידַארְפְט לַאנְג טָאג זַיין.

נָאר אוּנְטֶער דֶער עֶרְד הָאט מֶען דֶען עֶפִּיס גִיקֶענְט זֶעהֶען אַשַׁיין? אַז עֶס הָאט פוּן עֶרְגֶעץ נִיט גִיהַאט אַרַיין צוּא שַׁיינֶען קֵיין לִיכְטִיקֵייט דָאס פַייעֶר אִין פַּאנַאר הָאט זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ לַאנְג פַאר לָאשִׁין, בִּין אִיךְ אַזוֹי גִיזֶעסֶען אוֹיף דֶער פַאייכְטֶער עֶרְד אוּנ מִיט גְרוֹיש שְׁרֶעק אִין דֶער פִינְצְטֶער פַאר שְׁמַאכְטֶער הֵייט, אוּנ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין צוּא גִיגְרֵייט צוּא אַלֶע צָרוֹת. מִיט אַמָאל דֶער הֶער אִיךְ אַשְׁטוּרֶעם, עֶס אִיז פְּלוּצְלִינְג גִיוָוארִין לִיכְטִיג אִין הֵייל עֶס קוּמֶען צוּא מִיר אַרַיין אַמַאן צֶעהֶען, עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבִּין גִילַאכְט מִיט פַּאקֶעלִין. אֵיינֶעם פוּן זֵייא הָאט מֶען גִיקֶענְט דֶער קָאנֶען פוּן זַיין רַייכִין קְלֵיידִינג. אַז עֶר אִיז בַּייא זֵייא אַיין עֶלְצְטֶער.

וויא

וויא ער האט מיך דער זעהען האט ער מיט אגרויסין בייזער אגישרייא גגעבין ! אט אזוי האט . איר איבער גילאזט דעם הער פריצערין, דא אין דער טורמע צוא גיקאוועט מיט קייטין ! ווער האט זיך דאס דער וועגין אזוינס צו טאן ?— מארגאן האט אונז אזו גהייסן, האט איינער גיענטפערט .— זעצט מארגאנען באלד אין ארעסט אוף אכט טאג, האט דער עלצטער גיזאגט .

זעהסטו באראן פריצערין אז אן מיין באפויל האט מען גיטאן אזוינס, וואס עס פאסט ניט פאר דיין צבוד אונ ניט פאר מיין כבוד : נעמט באלד אראפ פון אים דיא קייטען, זאגט ער צוא צו זיינע לייט. עס איז באלד אזוי גישעהן, מע לאזט מיך לייז .

—באראן פריצערין, זאגט ער צו מיר דוא קאנכט מיך ?

—ניין האב איך אים גיענטפערט, איך קען דיך ניט .

—דוא קענסט מיך ניט ? דו האסט גאר ניט גיהערט פון ראזשערין, וואס גיוועלטיגט איבער דיא פראייע ?

—ניין איך האב ניט גיהערט, איך האב גיהערט פון א ראזשערן וועלכער איז איין אטאמאן פון א שייקע ראזבוינקעס.

—באראן ! (זאגט ער מיט א שמייכיל, נאר מיט אביסיל פאר דרוס), באראן פריצערין ! ואַרף מיר ניט אוים. רייד מיר ניט אזעלכע שענדליכע ווערטער, גלויב מיר איך בין ווערט דוא זאלסט מיך שיינען, אונ איך וועל דיר דאס דער ווייזין אז דוא וועסט מיר מודה זיין .

—דוא קענסט מיר אזוינס ניט דער ווייזין מיט קיין זאך אויסער

דער

דער מיט אַז דוא זאָלסט מיך בּאַלד פֿרייַ לאָזין.

—דוא בּיסט בּייא מיר ניט אין גפֿיינקענש פֿריצערין. דוא בּיסט בּייא מיר גלייך וויא בּייא זיך אין דער היים, איך בּעט דיך נאָר, פֿאַר בּריינגען בּייא מיר עטליכע טעג, העלפֿין מיר מיט דייני עצות אין זיין מיר אַ גוטער פֿריינד.

—איך וועל מיט דיר זיין גוט פֿריינד? איך וועל דיר געבּין עצות? דיר! אַ זאַ שענדליכין מערדער, מיר איז דיא גרעסטע שאַנדע אַז איך רייד גאָר מיט אַזאַ שלעכטין מענטשין:

—רייד מיט מיר ניט פֿריצערין מיט אַ זאַ בּייזער שפּראַכע, איך רייד מיט דיר וויא איין אייטעלער מענטש, איך לייג אוף דיר כּבוד אונ דוא ווילסט מיך נאָר ערצאָרענען, איך בּעט דיך מיט גוטע רייד אַז דוא זאָלסט בּייא מיר פֿאַר זומען אַקורצע צייט, איך בּין איצט אין אַ גרויסער נייט דרום בּעט איך פֿון דיר גינאָד דוא זאָלסט מיר העלפֿין מיט וואס דוא קענסט, אונ דיא ווילסט מיך גאָר ניט אויס הערין, זידילסט מיך מיט אַזעלכע שלעכטע רייד, דוא פֿאַר געסט בּאַראָן אַז דוא בּיסט בּייא מיר אין האַנט, דוא בּארעכינסט ניט אַז אַ מענטשין וואס וויל מיר זיין איין אומפֿריינד קען איך אויך טאָן אַזוי וויא מען טוט איין אומפֿריינד.

בּייא דיא רייד האט ער אוף מיר אַזוי שרעקליך אויס גיגלאַנצט דיא אויגין, נאָר בּאַלד האָט ער מיר גיוויזין אַ פֿריינדליכערין גיזיכט ער נעמט מיך אָן בּייא דער האַנט אונ בּעט מיך זעהר מיט אַ ווייכער שטימע איך זאָל מיט אים געהן אין זיין הייל, איך האָב זיך

בּארעכנט

בּארֶעכֶנְט ، אַז איך וֶועל דָא מִיט בֵּייזִין גָאר נִיט אוּים פִּירִין • אִיך בִּין דָאךְ דָא אֵיינֶר אַלֵיין צוּא ווישִׁין אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע לַייט ، זֵייא קֶענִין מִיר מִיר טָאן וָואס זֵייא ווִילִין :

אִיךְ הָאבּ גִיפוּנִין פַאר בֶּעסִיר צוּא מַאכִין זִיךְ מִיט רָאזְשֶׁערִין פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ עֶפּיס אַרַיין גִנְבֶנִין זִיךְ אִין אִים עֶר זָאל אוֹיף מִיר גְלוֹיבִּין ، אוּנ מִיט אַזַא אוֹפֶן זוּכִין אוּנְטֶען אַרוּם אַפָּארְטָעל אַנְטְרוּנֶען וֶוערִין פוּן דַאנֶען •

אִיך גֶעה מִיט אִים עֶר פִירְט מִיךְ אִין אַ הֵייל אַזֶעלְכֶע ווִיא אִיךְ בִּין גִיוָוען דִיא פֶּערְטֶע נַאכְט ، עֶר בְּרֵיינְגְט מִיךְ אִין אַיין אָרְט וֶועלְכֶר אִיז גִיוֶוען צוּא גִיקְלֵיבִּין מִיט טַייעֶרִין מֶעבִּיל מִיט אַלֶערְלַייא גִיוֶוערִין ، עֶר הֵייסְט מִיר בַּאלְד בְּרֵיינְגֶען דָאס בֶּעסְטֶע עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען , אוּנ בִּיט מִיךְ דָא אִיבֶּר צוּא בְּלַייבִּין ، אִיךְ דַארְף אַוֶועק גֵיין (זָאגְט עֶר צוּא מִיר) אוֹיף דֶער נַאכְט וֶועל אִיךְ קוּמֶען • צְווֵייא לַייט הָאט עֶר גִיהֵייסִין שְׁטֶעהֶן בַּייא דֶער טִיר אוּנ טָאן אַלֶעס וָואס אִיךְ וֶועל בַּאפוּילִין • נָאר נִיט אַרוּים לָאזִין מִיךְ בְּאֵין אוֹפִין פוּן דַאנֶען ، אוֹיף דֶער נַאכְט אַז רָאזְשֶׁער אִיז גִיקוּמֶען אוּנ הָאט גִיטְרָאפִין דִיא שְׁפַּייז גָאר אִין גַאנְצִין ، צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ זִיךְ גָאר נִיט צוּא גְרִירְט (הָאט דֶען מִיר גִיקָאנְט דֶענְסְטְמָאל גְלוּסְטֶען זִיךְ עֶסִין) הָאט עֶר זִיךְ גִיזֶעצְט לֶעבִּין מִיר אוּנ זָאגְט צוּא מִיר מִיט פַאר דְרֶאס • וָואס טוּט אִיר דָאס מַיין הֶער ? אִיר ווִילְט דָא פַאר הוּנְגֶער שְׁטַארְבִּין ? דֶער מַאנְט זִיךְ אַז אִיךְ דַארְף אִיצְט הָאבִּין אִיר זָאלְט לֶעבִּין •

אִיר לִיבֶּער בַּארָאן קֶענְט מִיר אִיצְט הֶעלְפֶען , אִיךְ גִיפִין זִיךְ אַצוּנְד אִין גְרוּיס נוֹיט אוּנ נָאר דוּרְךְ אַייךְ קֶען אִיךְ גֶעהָאלְפֶען וֶוערִין :

אִים אוּם זַיין שְׁוֶוערְד, אוּנ הָאבֶּן זִיךְ גְשְׁטֶעלְט לֶעבִּין דִיא סַאלְדַאטֶען אוּנ שְׁרייא צוּ רָאזְשֶׁערִין אָט הַיינְט שְׁלָאג זִיךְ מִיט נָאךְ אַיין שׂוֹנֵא.

דִיא סָאלְדַאטִין הָאבִּין זִיךְ דְרוֹיף זֵייעֶר פַאר וואוּנְדֶערְט, נָאר פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבִּין זֵייא אוֹיף מִיר נִיט גֶקֶענְט גְלוֹיבֶּן אַז אִיךְ בִּין אִין אֱמֶת רָאזְשֶׁערְס אוּמְבְּרֵיינְגֶער, פִיר זֶעלְנֶער נֶעמִין מִיךְ אוּנ פִירֶן מִיךְ אַוֶועק אַרוֹיס פוּן הַייל אִין וַואלְד, וִויא עֶס זֶענִין גְשְׁטַאנֶען פִיל מוּלִיטֶער, אוּנ בְּרֵיינְגֶען מִיךְ צוּ זֵייעֶר עֶלְצְטִין. יֶעדֶער הָאט גֶקֶענְט פַארְשְׁטֶעהֶן אִין מִיר אַז אִיךְ בִּין נִיט פוּן רָאזְשֶׁערְס שַׁייֶקֶע דֶער צוּ אִיז גִיוֶוען דֶער עֶלְצְטֶער. מַיינֶער אַ בֶּעקָאנְטֶער עֶר הָאט אַמָאל בַּייא מִיר גְדִינְט אִין מַיין קַאמַאנְדֶע. עֶר הָאט מִיט מִיר בַּאלְד גִישִׁיקְט אַוְואךְ אָפּ צוּ פִירִין מִיךְ אַהֵיים. אִיךְ בִּין גִיקוּמֶן אַהֵיים הָאבּ אִיךְ גִיטְרָאפֶן אַלֶעמִין אִין מַיין שְׁלָאס זֵייעֶר צוּ רוּדֶערְדְט מֶען הָאט מִיךְ שׁוֹין אַרוּס גְשִׁיקְט זוּכֶען אוֹיף אַלֶע זֵייטִין. אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין בַּשְׁוֶוערִין מֶער אִין וַואלְד נִיט אוּם צוּ גֶעהֶן. אִיךְ וֶועל מֶער שׁוֹין נִיט גֶעהֶן, צוּ דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער. נָאר נַארֶעשֶׁער מוּטֶר. אוּם צוּ שְׁטֶעהֶן אַזוֹי פִיל מִיה אוּנ וַוארְפֶען זִיךְ אִין אַזֶעלְכֶע סַכָּנוֹת וִויא אִיךְ בִּין גִיוֶוען.

## ענדע דער טרעפענישען אין וואלד

## 7

אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם, (דֶער צֵיילְט וַוייטֶער דֶער בַּארָאן), בִּין אִיךְ גִיפָארִין הֶערִין מִיט וָואס עֶס הָאט זִיךְ גִיעֶנְדִיקְט דִיא שְׁטְרַייט פוּן דֶעם קִינֶעגְס מִילִיטֶער מִיט רָאזְשֶׁערִין, הָאבּ אִיךְ דֶער גַאנְגֶען אַז רָאזְשֶׁער הָאט זִיךְ זֵייעֶר וְוינְדֶערְלִיךְ גִיוֶוערְט קֶעגִין זֵייא. עֶר הָאט גְטוֹיט אוֹיף

אלע

אַלֶע זַייטִין דִיא וָואס הָאבֶּן זִיךְ גָאר גִיוַואגְט צוּ טְרֶעטִין צוּ אִים ; דֶער ווַיילֶע זֶענִין צוּ אִים אוּנְטֶער גִיקוּמֶען זַיינֶע לַייט . הָאט מֶען זִיךְ אוּנְטֶער דֶער עֶרְד שְׁרֶעקְלִיךְ גִישְׁלָאגִין בִּיז עֶס זֶענִין גִיפַאלֶען פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען פִיל מֶענְטְשֶׁען . אוּנ צוּם סוֹף זֶענִין דִיא רויבֶּער מִיט זַייעֶר עֶלְצְטֶען אַנְטְלָאפֶען ; אוּנ זֶענִין אַוֶועק פוּן דֶעם הִיגִין גֶעגֶענְד . זַייא הָאבִּין זִיךְ צוּ שְׁפְּרֵייט אִיבֶּער גַאנְץ גֶערְמַאנִיֶע אוּנ הָאבֶּן גִירוֹיבְּט פִיל עֶרְגִיר וִויא פְרִיעֶר · זֶעכְצֶען יָאר הָאבִּין. מִיר דָא אִין אוּנְזֶער קַאנְט פוּן רָאזְשֶׁערִין נִיט גִיהֶערְט . אִינ אָט דָא עֶרְשְׁט פַאר אַפָּאר מָנְהַייט הָאט עֶר זִיךְ ווַייטֶער בַּאזֶעצְט דָא אִין קִינֶגְרַאצְקִין וַואלְד . עֶר אִיז הַיינְט פִיל שְׁרֶעקְלִיכֶער פוּן פְרִיעֶר . וָוארוּם עֶר הָאט הַיינְט זַייעֶר פִיל חַיִל אַיין גִיזַאמֶעלְט . מִיט אִים אִיז אִיצְט קֵיינֶער נִיט אִין שְׁטַאנְד אָן צוּ רֵייצֶען זִיךְ קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט אוּנְטֶער שְׁטֶעלִין אִים צוּ בַּאפַאלִין . אִיךְ הָאף נָאר צוּ גָאט אַז בַּייא אוּנְז אִין דֶער הֵיים וֶועלִין מִיר זִיךְ קֶענִין אֶקֶעגֶן אִים וֶוערִין . נָאר לָאמִיר אוֹיף הֶערִין וֶועגִין אִים צוּ רֵיידֶן לָאם אִיךְ אַייךְ נָאר עֶנְדִיגֶן ווִיקְטָארְס גֶעשִׁיכְטֶע אִיר זֶענְט גֶעווִיס נַייא גֶעְרִיג צוּ ווִיסֶען וָואס הָאט זִיךְ אוֹיס גִיקָאזְט מִיט זַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מוּטֶער נָאר אִיךְ ווֵייס דָאס אָבֶּער אוֹיךְ נִיט . פוּן יֶענֶער צַייט אָן הָאבּ אִיךְ גָאר נִישְׁט גִיהֶערְט וֶועגִין אִיר . עֶנְפֶר זִיא אִיז גִישְׁטָארְבֶּען בַּאלְד נָאךְ יֶענֶער גִישִׁיכְטִי אָדֶער זִיא אִיז אַרִיבֶּר עֶרְגִיץ אִין אַנְאנְדֶער קַאנְט ; עֶס אִיז בַּייא מִיר נָאר אִיבֶּער גִיבְּלִיבֶּען פוּן אִיר אַיין אַיינְדֶענְק . אִיךְ הָאבּ גִיפוּנֶען אִין ווִיקְטָארְס ווִיגֶעלֶע אַיין אוֹיס גִימָאלְטִי בִּילְד פוּן אַפְּרוֹיֶענְצִימֶער . דָאס אִיז גְוִויס אִיר אֵייגֶען בִּילְד . נָאךְ דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶע גִישִׁיכְטֶע הָאבּ אִיךְ עֶס שְׁטֶענְדִיג גִיהַאלְטִין אַרוּם זִיךְ . אִיךְ הָאבּ גִידֵיינְגְט טָאמֶר בַּאגֶעגִין אִיךְ זִיךְ עֶרְגִיץ מִיט אִיר זָאל אִיךְ זִיא דֶער קֶענִין . נָאר אַז עֶס אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶן עֶטְלִיכִי יָאר אוּנ אִיךְ הָאבּ נִישְׁט דֶער גַאנְגִין . הָאבּ אִיךְ דָאס פַאטְרֶעט אַנִידֶער

גילייגט

נִילֵייגְט אִין קַאמְאָד, אוּנ הָאבּ פוּן דְעֶנְסְטְמָאל אָן אוּף אִיבּ גָאר פַּאר גֶעסְין. אִיךְ וְויל אַייךְ אִים אוּמִיסְטֶנְע וַוייזֶן; לָאמִיר אִים אַלִי אִין אֵיינֶם בַּאטְרַאכְטִין, אִיךְ וָואלְט גְמֶעגְט שְׁוֶועְרִין אַז עֶר הָאט פִּיל אָן בְּלִיק פוּן דֶער פְּרוֹא וֶועלְכֶע אִיז אוּם גְמָאלְט, וּבַייא דֶער מַאדַאם וָואלְפֶּע אִין שֶׁעכְטִיל.

(דִיא מַאדַאם וָואלְפֶּע אִיז בַּייא דִיא רֵייד גְוָוארִין וַוייס וִויא לַייוִוינְט.

—אוּךְ הָאבּ אִיךְ דֶעם לֶעזֶער נִיט גְוָואלְט צוּ רֵייסִין דִיא גִישִׁיכְטֶע פוּן דֶעם בַּארָאן, דְרוּם הָאבּ אִיךְ נִיט דֶער צֵיילְט אַז פִּיל מָאל הָאבֶּן זִיךְ בַּייא דֶער גְשִׁיכְטֶע גְבִיטִין בַּייא אִיר דִיא פַּארְבִּין אִין פָּנִים אוּנ עֶס הָאבִּין זִיךְ אוּמְגֶעדִין בַּייא אִיר פוּן הַארְצֶן בַּאוּם גְרִיסִין גְרוֹסֶע זִיפְצִין, אִינ צֵייטִין וַוייס הָאבֶּן זִיךְ אִיר גְלאָזט טְרֶעדִין פוּי דִיא אוֹגִין, נָאךְ מֶער בַּייא דֶער עֶרְצֵיילוּנְג פוּן דֶער פֶּערְטֶער נַאכְט אִיז זִיא גְוֶועְן אַזוֹ אוּמְרוּהִיג מֶער פוּן אַלֶע נָאךְ אַסַךְ מֶער פוּן וִויקְטָארִין אַלֵיין וָואס מֶען הָאט דֶער צֵיילְט זַיין אֵייגֶענֶע גְשִׁיכְטֶע.

אַלֶע, הָאבִּין דָאס גוּט בַּאמֶערְקְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶקֶענְט פַּאר חִידוּשִׁין *)

דֶער בַּארָאן הָאט גְגֶעבִּין אַבַּאדִינֶער דֶעם שְׁלִיסִיל פוּן קַאמְאֶר, אוּנ הָאט גְהֵייסִין פוּן דָארְטֶן בְּרֵיינְגִין דָאס לַאנְדְשַׁאפְטִיל, מֶע בְּרֵיינְגְט דָאס צוּ טְרָאגִיי אַלֶע נֶעמִיי אִין קוּקִין דָאס שְׁטַארְק אָן עֶס אִיז גְוֶועְן אוּם גְמָאלְט זֵייעֶר אַ שֵׁיין גְשְׁטַאלְט פוּן אַפְרוֹוֶענְצִימֶער אוּנְטִין אוּפִין רֶעמִיל וֶועלְכֶע אִיז גְוֶועְן פוּן גִין גָאלְד הָאבִּין זִיךְ אַרוּם גֶזֶעהֶן אָט דִיא דְרַייא בּוּכְשְׁטַאבִּין. אַ. דֶ. קֶ. נִידֶערִיקֶער פוּן דִיא בּוּכְשְׁטַאבִּין אִיז גְשְׁטַאנֶען דִיא וֶוערְטֶער: דְרֶע דִיא גַאס פַּארִיזִיס נָאמֶער צְוֵוייא אוּנ דְרַייסִיג, אַלֶע הָאבֶּן

זִיךְ

זִיךְ שְׁטַארְק פַאר קוּקְט אָפִּין פַּאטְרֶעט. נָאר דֶער בַּארָאן הָאט דֶער בַּייא אַכְטִינְג גֶעגֶעבִּין וויא בייא ווָאלְפֶען הָאבֶּען זִיךְ אַשְׁאָט גִיטָאן טְרֶערִין פוּן דִיא אוֹגִין.

דֶער בַּארָאן הָאט זִיךְ נִיט גִיקֶענְט אַיין הַאלְטִין אוּנ זָאגְט צוּא אִיר.— הֶערִינְטֶע אִיךְ בֶּעט אַייךְ בַּאווַייזְט אַייעֶר שֶׁעכְטִיל מִיר וֶועלִין זֶעגִין דָארְטִין דֶעם לַאנְד שַׁאפְט, מִיר דַאכְט אַז דָאס אִיז דֶער אֵייגִינֶער מֶענְטְשׁ אוּיס גִימָאלְט, זִיא דֶער לַאנְגְט דָאס שֶׁעכְטִיל עֶס לָאזִין זִיךְ אִיר דֶער בַּייא גִיסִין טְרֶערִין אָן אַיין אוּף הֶער, זִיא קֶען זִיךְ שׁוֹין נִיט אַיין הַאלְטִין זִיא הֵייבְּט אָן וַויינֶען אַפִּין קוֹל.

אַלֶע וֶוערִין זֶעהֶר גִירִירְט, אוּנ נָאךְ מֶער פַאר ווִינְדֶערְט, דֶער בַּארָאן בַּאוַוייזְט אִיר דִיא בִּילְדֶער אוּנ זָאגְט: אַ יָא מַאדַאם זָאגְט, אַז עֶס אִיז גִיוִוים דִיא אֵייגֶענֶע פְרוֹיא אוּף בֵּיידֶע פַּאטְרֶעטִין? זִיא צֵהֵייבְּט אוּיף נָאךְ שְׁטַארְקֶער דָאס קוֹל אוּנ וַויינְט יָאמֶערְלִיךְ, אוּנ זָאגְט יָא דָאס אִיז זִיא! דָאס אִיז זִיא דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע. אִיךְ זֶעה אַז אִיךְ קֶען פוּן אַייךְ מֶער נִיט לֵייקֶענֶען אִיךְ מוּז אַייךְ דֶער צֵיילִין אַלִי מַיינִי אוּמְגְלִיקִין. אִיךְ מוּז אַייךְ דֶער צֵיילִין, מִיר מוּזִין אַלֶע גְלַייךְ וִויסֶען, אִיךְ וַויים אַייעֶרֶע טְרֶעפֶענֶעשֵׁין לִיבֶּער בַּארָאן אִיר מוּזְט אוּךְ וִויסִין מַיינֶע. אוּנְזֶער גְשִׁיכְטֶע שְׁלִיסְט זִיךְ אִין אֵיינֶעם.

אִיךְ מֶעג דֶער צֵיילִין, אִיךְ מֶעג בְּרֶעכֶן מַיין וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ דֶער אוּמְגְלִיקְלֶעכֶע פַאר שְׁפְּרָאכֶען, אִיךְ קֶען נִיט זָאגִין אַז זִיא הָאט מִיר אוּיף אַזַא פַאר בָּאטִין, אַז אִיךְ זָאל בַּייא אַזַא צוּפַאל נִיט דֶער צֵיילִין, עֶס קֶען זַיין אַז דָא מוּז מֶען ווִיסִין דִיא גִישֶׁעכְטֶע.

—דִיא פְרוֹיא וָואלְפֶע הָאט זִיךְ שׁוֹין צוּ גִיגְרֵייט צוּ אָן הוֹיבִּין דֶער

צײלין איר גישיכטע , אלע האבין זיך אריין גיטאן דערינען מיט אלע
גירַאנקען נאך מער וויא פריער , נאר א שטורעם וואס עס האט זיך
דער הערט פון פענצטער , אונ דער צוא איז וואליענטין אויך אריין
גילאפען אין האט גיזאגט אז דאכט זיך מע זעהט פון דער ווייטען
אן קומען אגאנצע מחנה , דאס האט איבער גישלאגין דער פרויא
וואלפען צוא דער ציילין איר גישיכטע . מע האט גימוזט זיך פארטיג
מאכען צום שטרייט ;

## 8

יערין באזונדער האט זייער שטארק באנק גיטאן וואס מע האט
גימוזט אפ לייגין וואלפעס געשיכטע , נאר וויקטארין האט אבער
נאך מער פון אלע פאר דראסין , וויקטארין האט דאס באמת גידארפט
הארען מער פאר אלע . ער האט אזו בארעכינט דאס פאטרעט וואס
עס איז גילעגין אין זיין וויגעלע איז גיווים זיין מוטערס בילד , אז
וואלפע האט זיא גיקאנט , וואלפעס גישיכטע שליסט זיך גיווים מיט
דער טרויעריגער גישיכטע פון זיין גיבארען , זיא ווייסט זייער גוט ,
ווער איר פאטר איז אויך גיוועזן , זיא האט זייא גיווים ביידע אום
גליקליכע גוט-גיקענט , דיא אומגליקליכע פאר פאלק , וועלכע זענין
וויא עס ווייזט אויס צוא שיידט גיוויזען דורך שלעכטע מענטשען ,
וועלכע יאגין זייא נעביך נאך , עס ווייזט אוס אז דאס פאר פאלק
האבען זיך ליב גיהאט , נאר שטארקע לייט האבין זייא נאך גיאגט
כדי צוא שיידין זייא אונ האבין איר ליב האבער פון איר דער
ווייטערט , אדער פיליכט גאר דאס לעבין אוועק גינומען , אונ האבן
האט אפנים נאך זייער קינד אויך גיוואלט אום ברינגען , כדי ניט
לאזי

רָאזִין פוּן זֵייא קֵיין דוֹר אַרוֹיס קוּמֶען , עֶס ווַייזְט פוּן אַלֶעס אוֹיס אַז זַיינֶע עֶלְטֶערֶין זֶענִין גִיוֶועֶן זֵייעֶר גְרוֹיסֶע עֶרְלִיכֶע אוּנ רַייכֶע לַייט , דְרוּם אַז מֶע וֶועט ווִיסֶען. פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין . וֶועט דָאס פַּאר נֶעהֶענְטֶערִין דִיא גְלִיקְלִיכֶע שָׁעָה צוּ פַּאר אֵיינִיגִין אִים מִיט קְלִימֶענְצִין . וָוארוּם אוֹיב וואָל אַז דֶער בַּארָאן הָאט פַאר שְׁפְּרָאכֶען דָאס נִיט אַנְדֶערְשׁ צוּ טָאן . פוּן דֶעסְט וֶועגִין פַאר שְׁטֶעהֶט מֶען אָן אִים אַז עֶר צִיהֶט אָפּ דִיא זַאךְ בִּיז עֶר וֶועט פִילַייכְט דֶער גֶעהֶן פוּן וִויקְטָארְס עֶלְטֶערִין , מֶע פַאר שְׁטֵייט דָאס גַאנְץ דַייטְלִיךְ פוּן זַיינֶע אֵייגֶענֶע רֵייד , אָבֶער ווִיא בַּאלְד דִיא פְרוֹיא וָואלְפֶע דֶער צֵיילְט נָאר אִיהר גִישִׁיכְטֶע פוּי וֶועלְכֶער עֶס וֶועט גִיוִויס אַלֶעס עֶנְדֶעקְט ווֶערִין , יִיעֶט שׁוֹין גַאנְץ זִיכֶער פוּן קֵיין זַייט קֵיין מְנִיָעה נִיט זַיין .

נָאר רָאזְשֶׁער מִיט זַיין אַרְמִיֶע וֶועלְכֶע מֶע הָאט דֶער זֶעהִין אָן קוּמֶן הָאט דֶער ווַיילֶע ווַייטֶער דֶעם סוֹד פַאר דֶעקְט פוּן זֵייא .

אִינְזֶערֶע לַייט הָאבִּין זִיךְ אַלֶע צוּא גִשְׁפַּארְט צוּם פֶענְצְטֶער אָן צוּא קוּקֶען דֶעם שׂוֹנֵא וָואס קוּמְט אָן , זֵייא הָאבֶּען דֶער זֶעהֶען פוּן ווַאלְד אַרוֹיס גֶעהֶן אַגְרוֹיסֶע מַחֲנֶה , אֵיינִיגֶע הָאבֶּן גִיטְרָאגִין פַאקֶעלִין וֶועלְכֶע הָאבִּין בֶּעלַייכְטֶן דֶעם גַאנְצִין פְּלַאץ .

דִיא גַאנְצֶע שַׁייקֶע רֵייבֶּער זֶענִין גִיוֶועֶן אָן גִיגוּרְט פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִיס זֵייא הָאבֶּען גִיפִירְט זֶעהֶר פִיל הַרַאמַאטֶעס מִיט אַלֶערְלֵייא שְׁרֶעקְלִיכֶע גִיוֶוער צוּם שְׁטְרַייט .

קְלִימֶענְצִיֶע מִיט וָואלְפֶן זֶענִין אַוֶועק גִיגַאנְגֶן אוּנ זֵייעֶר בַּאשְׁטֶעלְטֶן אָרְט , זִיצִין דָארְטִין בִּיז דִיא שְׁטְרַייט וֶועט זִיךְ עֶנְדִיקֶען , אוּנ וִויקְטָאר הָאט גִישְׁווִינְד אַנִישְׁרֵייא גִיטָאן זַיין חַיִל זָאל זִיךְ נֶעמֶען צוּם גִיוֶוער ,

אליין

גְנוּמֶען פוּן אִים צוּא מִיר פָאר אַיין ווַייבּ אַצוּנְד לִיבֶּע פְּרִינְצֶעסִין קְלֶערְט אַייךְ אִיבֶּער צוּא אִיר בַּאשְׁטֵייט אוֹיף דֶעם אִיר זָאלְט מִיט מִיר הֵייְרָאטֶען מִיט גוּ..ן ווִילֶען אוּנ וֶוען נִיט אַזוֹ וֶועט עֶס זֶעהְר שְׁלֶעכְט זַיין אִיךְ וֶועל אַייךְ פֶּע..יירָאטֶען מִיט מַיין שְׁטַאל מַיינְסְטֶער ווָאס עֶר פִּיצְט מִיר דִיא פֶּערְד אוּנ אַייֶער אַמְמֶע וֶועל אִיךְ טֵייטֶן לַאסֶן פַאר אָייֶערִי אוֹגִין ׃

ווִיא אִיךְ הָאבּ דָאס דֶער הֶערְט בִּין אִיךְ צוּ גְפַאלֶען צוּא זַיינִי פִּיס אוּנ הָאבּ צוּא אִים גְשְׁרִיגֶען דִיא מֶערְדֶער טֵייט מִיךְ אוּנ לָאז מִיךְ נִיט זֶעהֶן ווִיא דִיא פַּייְנְגְסְט מַיין הֶערְנְטֶע רָאזְשֶׁער זָאגְט צוּא מִיר פְּרוּא ווָאלְפֶּע אִיר זֶענְט נָאךְ אַיין יוּנְג מֶענְטְשׁ אִיךְ ווִיל אַייךְ נִיט טֵייטֶען אוּנ אִיךְ ווִיל אַייךְ גְלִיקְלֶעךְ מַאכֶען אִיר וֶועט בַּייא מִיר זַיין אַזוֹ ווִיא מַיין אוֹג אוּנ קָאפּ אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ אַז אִיר זָאלְט זִיא אִיבֶּער רֵיידִין זִיא זָאל מִיט מִיר פְרַייווִילִיג הֵייְרָאטֶען עֶר גְזֶעגִינְט זִיךְ מִיט אוּנְז אוּנ זָאגְט נָאךְ אַיין מָאל צוּא דֶער פְּרִינְצֶעסֶען אִיר הָאט צַייט צְווֵייא טָאג אַייךְ נָאךְ צוּ גֶעבִּין זָאגְסְט בִּין אִיךְ גִיצְווִינְגֶען מִיט מַאכְט צוּ הֵייְרָאטֶען אוּנ מִיר הָאט עֶר אָן גְזָאגְט אַז אִיךְ זָאל זִיא אִיבֶּער רֶעדִין אוּנ עֶר אִיז אַוֶועק גְגַאנְגֶען ׃

אִיךְ בִּין מִיט אִיר אַלֵיין גִיבְּלִיבֶּען אוּנ הָאבּ אִיר אָן גְהוֹבֶּען אַיין צוּא רֶעדִין ווָאס קֶען דָא דֶער סוֹף זַיין זִיא הֵייבְּט אָן זֵייעֶר צוּא ווֵיינֶען אוּנ זָאגְט צוּא מִיר מַיין לִיבֶּע מוּטֶער דָא בִּיסְט יֶעצְט מַיין אַלֶעס אִיךְ פַאר לָאז מִיךְ אוֹיף דִיר אוּנ אוֹיף דֶעם הֶער גָאט ווָאס דוּא וֶועסְט מִיךְ הֵייסֶן טוּאֶן וֶועל אִיךְ הַאלְטֶען אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ זֵייעֶר אָן גִיהוֹבִּין צוּא ווֵיינֶען אִיךְ זָאג צוּ אִיר מַיין לִיבֶּע טָאכְטֶער ווָאס קֶען אִיךְ דִיר פַאר אַיין רָאט גֶעבִּין לָאז דִיר גָאט הֶעלְפִין ׃

ווִיא אִיךְ רֶעד מִיט אִיר קוּמְט אַרַיין אֵיינֶער פוּן רָאזְשֶׁערְס בַּאנְדֶע

און

אוּנ זָאגְט צוּא אוּנְז רָאזְשֶׁער הָאט מִיךְ גְשִׁיקְט צוּא אַייךְ אִיר זָאלְט אִים תְּשׁוּבָה זָאגֶען וָוארֶען עֶר הָאט זִיךְ פַארְבְּרַייט גִימַאכְט וֶועגֶין דֶער הָאכְצַייט דִיא פְּרִינְצֶעסֶין זָאגְט צוּ אִים מַיין לִיבֶּער הֶער אִיר זֶעהֶט אוּם צוּא זַיין זֶעהֶר אַיין אֵיידְלֶער אוּנ אַיין עֶרְבַּארוּם הַארְצִיגֶער מֶענְטְשׁ אִיךְ בֶּעט אַייךְ זַייעֶר זָאגְט מִיר וֶוער אִיר זֶענְט אוּנ וִויא אַזוֹ אִיר הֵייסְט עֶר זָאגְט אִיךְ הֵיים שַׁארְמַאנְט אִיךְ בִּין אַיין פְּרִינְץ דֶעם גְרוֹסֶען סוּלְטַאנְס זָאהְן אִיךְ בִּין דָא גִיחַאפְּט גְוָוארֶען דוּרךְ אַיין אוּמְגְלִיק אִיךְ בִּין מִיט מַיין אַטִּירַאנְט גִירוּטֶען אוּף דֶער יַאגְד בִּין אִיךְ גְקוּמֶען אוּנ אַיין וַואלְד וָואס אִיךְ בִּין דָארְטֶען נָאךְ קַיין מָאל נִיט גְוֶועזִין בִּין אִיךְ פַאר בְּלָאנְזֶעט גְוָוארֶען הָאבּ אִיךְ גְהֵייסֶען מַיין אַטִּירַאנְט רַייטֶין צוּא זוּכֶען דֶעם וֶועג אוּנ אִיךְ בִּין דָא אַרָאפּ גִיקְרִיכֶען פוּן דֶעם פֶערְד אוּנ הָאבּ דָאס פֶערְד אָן גְבִּינְדֶען אָן אַיין בּוֹים אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ גִיזֶעצְט בַּייא דֶעם גְרָאז אִיז מִיךְ בַּאפַאלֶין רָאזְשֶׁער מִיט זַיין בַּאנְדֶע אוּנ הָאבֶּען מִיךְ גְפַאנְגֶען גִינוּמֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ גִימוּזְט צוּא שְׁטֵיין צוּא זֵייא אוּנ אִים צוּא שְׁוֶוערִין אִיךְ זָאל רִינֶען בַּייא אִים בִּין אִיךְ בַּייא אִים שׁוֹן פִינְף יָאר בִּיז אַהֶער הָאט מֶען מִיךְ גִיהִיט אַז אִיךְ זָאל נִיט אַנְטלוֹפֶען אַצוּנְד בִּין אִיךְ פְרַייא וַוייל עֶר זֶעהֶט אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹן אוּנ דֶער הֵיים פַאר גֶעסִין אוּנ דֶער אֶמֶת אִיז עֶס אִיז מִיר דָא נִיט שְׁלֶעכְט נָאר פוּן הֶעסְט וֶועגִין וֶוען אִיךְ קֶען אַהֵיים צוּא מַיינִי עֶלְטֶרֶן וָואלְט אִיךְ אִים אַסַאךְ גֶעלְד בֶּעצָאלְט :

וִויא דִיא פְּרִינְצֶעסֶען הָאט דָאס דֶער הֶערְט אוּנ זִיא אִיז אָן מַאכְט גִיפַאלֶען דָאס אִיךְ הָאבּ זִיא קוֹם דֶער מִינְטֶערְט זִיא הֵייבְּט אָן זֵייעֶר צוּא וֵויינֶען אוּנ זָאגְט צוּא אִים מַיין לִיבֶּער הֶער עֶקְסִילֶענְץ מַיין לִיבֶּער הֶער שַׁארְמַאנְט · אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ יָא צוּא זַאמֶען גְטְרָאפֶען מִיט אַזוֹ אַיין אֵיידְלֶען מֶענְטְשׁ בֶּעט אִיךְ אַייךְ זֵייעֶר זֶעהֶט אַיין רָאהט צוּ שַׁאפֶען מִיר

זאל

זָאלֶען קֶענֶען עֶרְלֵייזְט וֶוערֶען פוּן אִיר אוּנ אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ צוּא דָאס אִיךְ זָאל מִיט אַייךְ חֲתוּנָה הָאבֶּען בּשְׁוְוער אִיךְ אַייךְ וֶוען אִיר וֶועט מִיךְ בְּרֵיינְגֶען צוּא מַיין פָּאטֶער אַזוֹ וֶועט עֶר אַייךְ. אִיבֶּער גֶעבֶּן זַיין מְלוּכָה בַּייא דֶעם לֶעבִּין ;

דֶער הֶער שַׁארְמַאנְט זָאגְט צוּ אִיר לִיבֶּע פְּרִינְצֶעסִין וֵויינְט נִיט , אִיךְ וֶועל שׁוֹן זֶעהֶן צוּ טְרַאבְטֶן, וִויא אַזוֹ רָאזְשֶׁעדִין צוּ טֵייטֶן , אוּנ עֶר אִיז זַיין וֶועג גְגאנְגֶען , דֶעם אַנְדֶערִין טָאג קוּמְט עֶר ווידֶער אוּנ זָאגְט צוּ אִיר לִיבְּע פְּרִינְצֶעסִין , אִיךְ הָאבּ נֶעכְטִין רָאזְשָׁארֶען בְּעטְרָאגֶען , עֶר הָאט גְמֵיינְט עֶס אִיז אַלְץ וָואר וָואס אִיךְ הָאבּ גֶיזָאגְט , אִיךְ הָאבּ אִים גֶזָאגְט דָאס דִיא דִיא פְּרֶענְצֶעסִין בַּאשְׁטֵייט אוּף אַלֶעס , נָאר עֶס מוּז נָאךְ אַכְט טָאג גֶרוּעֶרִין , דֶענְסְט מָאל וֶועט זִיא מִיט אִים חֲתוּנָה הָאבֶּן , אוּנ זַייא פַּאר לַאנְגְעִן דָאס עֶס אִיז גְקוּמֶן דִיא צַייט פוּן דִיא אַכְט טָאג דָאס אִיךְ זָאל בַּייא אַייךְ בְּלֵייבֶּן , דַאמוּט דִיא צַייט צוּ פַאר זַאמֶען , אוּנ רָאזְשֶׁער הָאט עֶס מִיר אַיין גְוִוילִינְט . יֶעצְט לִיבְּע פְּרִינְצֶעסִין מוּז מֶען טְרַאבְטֶן פוּן דִיא רוֹבֶּר לוּז צוּ ווערין .

עֶס אִיז אַוֶועק גְגַאנְגֶן דְרַייא טָאג זָאגְט דֶער פְּרִינְץ שַׁארְמַאנְד לִיבֶּע פְּרִינְצֶעסִין אַצוּנְד מוּזֶן מִיר טְרַאכְטֶן אַיין סְפָּאסִיבּ , מִיר מוּזֶן אַלְדִינְג צוּ זַאמְען נֶעמֶן אוּנ אַוֶועק וִויא עֶס אִיז שׁוֹן גְוֶוען אַלְדוּנְג צוּ נוֹיף נְפַּאקְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גְלָאזְט אוּם דֶער הֵייל אַרוּס גֵיין , אַזוֹ הָאט שַׁארְמַאנְט פַּאר שְׁרֶעק דֶעם וֶועג פַאר גֶעסִין , אוּנ הָאט אָן גְהוֹבֶּן צוּ בְּלָאזֶען דֶער וַוייל אִיז רָאזְשֶׁער אוּנְז אֶקֶעגִין גְקוּמֶן אוּנ הָאט אוּנְז גְחַאפְּט אוּנ הָאט אוּנְז גְפִירְט אִין אוּנְזֶער חֶדֶר אַרַיין צוּ רִיק אוּנ הָאט אַנִידֶר גְשְׁטֶעלְט וַואכֶן מֶען זָאל אוּנְז הִיטֶן דֶעם אַנְדֶערִין טָאג הָאט עֶר גְהֵייסֶן נֶעמֶען דֶעם פְּרוּנְץ שַׁארְמַאנְד אוּנ מֶען זָאל אִים אוּף הֵיינְגֶען פַאר אוּנְזֶערֵי אוֹגֶן מִיר הָאבֶּען רָאזְשֶׁעדְן גְבֶּעטֶן עֶר זָאל אִים גְגָאר טָאן עֶס הָאט אָבֶּר גָאר נִיט גְהָאלְפֶן

עֶר

ער האט מיך אויך גוואלט אוף הינגען, איז דיא פרענצעסין אים ארום גיפאלין אונ האט אים זייער געבעטין זיא האט צו אים גיזאגט ליבר הער ראזשער איך בעט אייך זייער גוט מיר נאך דאס איינע צו ליב · ווען איך בין ביא אייך גיליבט: אונ לאזט מיר איבער מיין גיטרייע אממע · זיא האט מיך אוף אירי הענט גיטראגין, אונ זיא האט מיך דער צויגין · אך גאט וויא אזו זאל איך דעם אנפאנג מאכען מיינע ווערטער גליקליך צו שטעלין · דאס איך זאל איין דאס הארץ רוהרין · א גאט גיב מיין ריידע קראפט דאס איך זאל יערין דאס הארץ רוהרין ·

אך ראזשער אר האט אן מיר גיהאנדילט וויא ניט רעכט איז · ווען איך בין איין פרינצעסין אונ איר האט מיך פאר א גיפאנגעני גיהאנדעלט · אונ אצונד ווילט איר נאך מיין אממע טייטן, ניין ראזשער דאס זאלט איר אייך ניט דער וועגין צו טון · טייט ליבער פריער מיך · וועט איר קענין אלין טון, וויא זיא האט אים אזו גבאטין, האט ראזשער ו איר גיענטפערט · ליבי פרינצעסין איך וויל דיך פאלגין איך וועל דיין אממע צוריק לאזין · נאר דוא זאלסט ויסן אז איך מוז מיט דיר חתונה האבען, ווייל איך האב דיך ליב, דוא וועסט ביא מיר אקיניגין זיין, נס וועט אלין זיין אונטער דיין מאכט, דוא וועסט האבין צו גיוועלטיגין יבער אונז אלע אונ פאר שענקע מיר דיין הארץ, אזו ענטפערט אים יא פרינצעסין ליבער ראזשער מיין הארץ קאן איך ניט פאר שענקין · אר איך בין ביא אייך אונ דער האנט האט איר יעצט איבער מיר וא גיוועלטיגין ·

ניין ליבע פרינצעסין, זאגט ראזשער, איך וויל ניט עס זאל הייסען ז אין האב מיט נויט חתונה גיהאט מיט דער פרינצעסין, איבער הויבט יל איך וויזין אייער פאטער אז איך קען אים נאך גליקלין מאכען איך

וועל אים אנצייגין איין מדינה וואס ער ווייסט ניט דער פון אונ איך וועל זיא אים איבער געבין ,

ליבער ראזשער זאגט דיא פרינצעסין , מיין פאטער לאזט זיך איביג בעגיגינען מיט דעם וואס ער האט , ער וויל ניט דיא גאנצע וועלט פאר שלונגין . ווען איר ווילט שווער איך אייך צוא אז איר זאלט זיין קעניג איבער דעם אורט וואס איר ווילט וועט מיין פאטער איבער געבין , אונ לאזט מיך מיט מיין אממע פריא .

וויא איך האב גיזעהן דאס זייא שפארין זיך אזו , האב איך מורא גיהאט דאס ראזשער זאל ניט בייז ווערין , אונ זאל ניט הייסין אונז ביידע אוף הייגען האב איך גיזאגט צו ראזשערין , ליבער הער געהן זייא צו אירע ארמע אונ איך וועל מיט איר דא שפרעכין . ראזשער האט מיך צוא גיהערט אונ איז אוועק גיגאנגין .

איך בין ווידעו׳ אליין גיבליבן מיט דער פרינצעסין , איך זאג צו איר וואס קען דא דער סוף זיין וויא לאנג נאך וועט ראזשער אזו גוט זיין קעגין אונז מען מוז פארט באדיינקען אז ער איז איין רויבער ! ער וועט נאך איין קנאה שנאה ווארפען אוף אונז וועט ער אונז לאזען פאר ברענין אונ אז דוא וועסט דיך אים אונטער געבין וועלין מיר נאך האבען איין האפענונג מיר זאלין פון דאנין אנטרינען ווערען :

דיא פרינצעסין זאגט צו מיר ליבע מוטערו איך בין גיצווינגען דיך צו פאלגין מען זאל דיך ניט הארגענין ווארין דיין לעבין איז ביא מיר טייערער וויא מיין איינגענם ווייל דוא האסט דיך מיט מיר אזו פיל יארין גיפלאגט נאר וויסען זאלסטו אז איך טוא עס נאר פון דיינעט וועגין ווארין עס איז מיר ליבער איך זאל פאר ברענט ווערען איידער מיט איין רויבער ;

רויבֶּער צוּ חֲתוּנָה הָאבֶּען , אִיךְ זָאל מַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער פַאר שֶׁעמִין , נָאר לִיבֶּע וָואלְפֶּע דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אַז אִיךְ מוּז מִיךְ פַאר שְׁלִיסִין מִיט אִים צוּ חֲתוּנָה הָאבֶּען דוּרְךְ דִיר , נָאר דוּא מוּזְט מִיר צוּ שְׁוֶוערִין דוּא זָאלְסְט מִיר נָאךְ גִיטְרַייעֶר זַיין וִויא פְּרִיעֶר אוּנ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגִין זָאל בַּייא דִיר טַייעֶר זַיין , אִיךְ הָאבּ אִיר אַלְדִינְג צוּ גִישְׁוואוּרִין .

דֶעם אַנְדֶערִין טָאג אִיז רָאזְשֶׁער צוּ אוּנְז גִיקוּמֶען אוּנ הָאט אוּנְז זַייעֶר שֵׁיין אוּף גִינוּמֶען אוּנ פְרֶעגְט מִיךְ וָואס דוּא פְּרִינְצֶעסִין הָאט גִיעֶנְפֶערְט אִיךְ זָאג צוּ אִים דִיא פְּרִינְצֶעסִין בַּאשְׁטֵייט נָאר אוּף דֶער אַרְט אַז עֶר זָאל קֶעגִין אִיר הַאנְדְלֶען אַזוּ וִויא קֶעגֶן אַיין פְּרִינְצֶעסִין מֶען בַּדַארְף צוּ הַאנְדְלֶען אוּנ עֶר זָאל זִיא פָארְגֶן וָואס זִיא וֶועט אִים זָאגֶן וִויא רָאזְשֶׁער הָאט דָאס גְהֶערְט אִיז עֶר אַנִידֶר גְפַאלֶן אוּף דִיא קְנִיא אוּנ צוּ אִיר גְשְׁווֹארֶן עֶר זָאל אִיר טְרַייא פַאר בְּלַייבֶּן בִּיז עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּן אוּנ עֶר הָאט גְלַייךְ גְגֶעבֶּן אַיין בַּפֶעל אַז מֶען זָאל אַבּ ! טָאג רוּהִיג בְּלַייבֶּן מֶען זָאל נִיט מֶער רַאבֶּעווִין אוּנ רוּבִּין אוּנ יֶעדֶער זָאל זִיךְ אִין פַארַאר אָן טָאן אוּנ פַאר דִיא פְּרִינְצֶעסִין פַאר שַׁיינֶען וָוארוּם אִיךְ וֶועל מִיט דֶער פְּרִינְצֶעסֶן חֲתוּנָה הָאבִּין .

עֶס אִיז אַזוּ גְוֶועֶן יֶעדֶר הָאט זִיךְ אָן גְטָאן זַיינִי שֶׁענְסְטֶע מַלְבּוּשִׁים וָואס עֶר טוּט זִיךְ אָן אִין דִיא פַייאֶר טָאג , אוּךְ רָאזְשֶׁער הָאט זִיךְ אָן גְטָאן זַייעֶר עֶרְלִיכִי קְלֵיידֶר טַייעֶרִי זַייא זֶענִין גְוֶועֶן בַּלֵייגְט מִיט גָאלְד אוּנ זִילְבֶּר אוּנ מִיט טַייעֶרִי דוּמַאנְטִין וָואס קֵיין שׁוּם קֵייזֶער הָאט זַיינִי קְלֵיידֶר נִיט צוּ בַּצָאלֶן אוּנ זַייא זֶענִין גְקוּמֶן דִיא פְּרִינְצֶעסִין גְרַאטִירִין עֶס הָאט גְדוּאֶרְט אִיבֶּר אֵיין שָׁעָה וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ בַּייא דֶער פְּרִינְצֶעסִין פַאר זַאמְט נָאר דִיא פְּרֶענְצֶעסִין אָבֶּר אִיז עֶס גָאר נִיט גְוֶועֶן גְלִיבְּט וַוייל זִיא הָאט טָאג אַזוּ נַאכְט גְוֵיינְט אוּנ גְקְלֶערְט וִויא אַזוּ מֶע זָאל דָא לוּז וֶוערֶן

זיא

זִיא הָאט זַייא גָאר נִיט גְקֶענְט עֶנְטְפֶרִין אוּנ וַויינִין הָאט זִיא אוֹךְ נִיט גְטָארְט בִּיז זַייא זֶענִין אַלֶע אַוֶועק גְגַאנְגֶען , ווִיא זַייא זֶענִין אַוֶועק גְגַאנְגֶען הָאט זִיא ווִידֶר אָן גְהוֹיבְּן צוּ וַויינֶען אוּנ הָאט זִיךְ אַנִידֶר גְשְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא קְנִיא אוּנ הָאט מִיט הֵייסֶע טְרֶערִין צוּ דֶעם אַלְמֶעכְטֶיגִין וָואט גְבֶּעטֶען ׃ דֶער נָאךְ אִיז זִיא אוֹיף גְשְׁטַאנֶען אוּנ גוּט צוּ מִיר אַשְׁפְּרוּנְג צוּ אוּנ זָאגְט צוּ מִיר לִיבֶּע פְרוּא וָואלְפֶע לִיבֶּע פְרוּא מוּטֶר וֶועסְט דוּא דָאס קֶענִין צוּ זֶעהֶן ווִיא אַ רוֹיבֶּער וֶועט מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבִּין , דֶער שְׁטֶעךְ מִיךְ בֶּעסֶער , אוּנ לָאז בֶּעסֶער מַיין פָאטֶר מַיין טוֹיטִין קֶערְפֶּער גְפִינֶען אֵיידֶער צוּ זַיין אַיין אֵייגֶנִיל דֶעם רוֹיבֶּערְס .

ווִיא מִיר רֵיידֶען אַזוֹ קְלָאפֶּען אָן צְווַייא אֶנְצִירֶען אִיךְ לוֹיף גְשְׁווִינְד אִינ עֶפִין אוֹיף דִיא טִיר זַייא קוּמֶען אַרַיין אִינ בֶּעגֶרְסִין אִינ זַייעֶר הֶעפְלִיךְ אִינ זָאגִין צוּ דֶער פְּרִינְצֶעסִין הֶענִיגֶען דֶער קִינִיג הָאט אַייךְ גְשִׁיקְט דִיא קְלֵיידֶער וַוייל מִיט דִיא קְלֵיידֶער וֶועט אִיר צוּ דִיא טְרוֹיאוּנְג גֵיין אִינ עֶס אִיז שׁוֹן פַאר בְּרֵייט גְמַאכְט סַאלָאנוֹן פַאר דֶער הוֹכְצַייט אוּנ דִיא מָזוּקֶע רִיכְטֶען שׁוֹן אִירִי אִינְסְטְרָאמֶענְטִין אוּנ אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז דִיא הוֹכְצַייט בֶּערֵייט דִיא פְּרִינְצֶעסִין נֶעמְט דִיא קְלֵיידֶער צוּ אוּנ קוּקְט זִיא אָן אַזוֹ זֶעהְט זִיא דִיא קְלֵיידֶר זֶענִין זַייעֶר שֵׁיין זַייא זֶענִין גְוֶועזֶען מִיט אַזוֹנֶע פַארְבֶּען אַזוֹ ווִיא דִיא פַארְבֶּען פוּן הִימֶל אוּנ גְאַרְבֶּעט מִיט רֵיין גִילְדֶענִי בְּלֶעטֶר טֶערְקֶענִישֶׁע אִינ לֶעבִּין דִיא בְּלֶעטֶר זֶענִין גְוֶועזֶען גְשְׁטִיקְטֶע רוֹזִין מִיט פַאר שִׁידֶענֶע בְּלָאמִין אוּנ דָאס אִיז אַלִיץ גְוֶועזֶען פוּן לוֹטֶערִין גָאלְד אִינ אוֹיף דֶעם אִיז גְוֶועזֶען פַאר צִירְט טַייעֶרִי דִימֶענְטִין אוּנ שְׁמָארַאקֶען דְרוּם דִיא רוֹזִין מִיט דִיא בְּלָאמִין זָאלֶען זִיךְ אוֹיס נֶעמֶען גְלַייךְ זַייא וָואלְטֶען גְלֶעבְּט דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט זִיךְ זַייעֶר פַאר ווִינְדֶערְט אוֹיף דִיא קְלֵיידֶר ווִיא שֵׁיין זַייא זֶענִין זִיא הָאט פוּן זַייא זַייעֶר הֲנָאָה גְהַאט דֶער וַוייל ווִיא זִיא בַּאטְרַאכְט אַזוֹ דִיא קְלֵיידֶר גוּט

דִיעֶר

העך זעהט זיא ביא דעם גארטעל באנד אוס געשטיקט פון זילבר אין דער הויך היא קעניגן היא פרוא פון קעניג ראזשעהריא זיא האט דאס איבר גליטען דאס האט זיא אנגשריא אנגעבן מיט אגרוסן ויפטן און האט צו איך אלין גרעט (אך פרינצעסין פרינצעסין וואס פאר אמין ציכט עמ און אין פרומע און אברוועט קינד ביסט גוועזן ביא דייני עלטרן און אזוי ביסט צו אדיין גפאלן צו איך באזעה פון רובר דדום מיש עד דיך נאך צו זיין אין פרוא און דוא ביסט אוף צייגן גוואדין העט צו) [illegible]

איך בין גשווינד צו גלאפן צו איהר און האב אויך איהר אנגשרייא גגעבן פרינצעסין פאר געם וועך דוא ביסט איך האב דאס צו עלים גטאן ווייל דיא צווייא אפיציר זענין גשטאנען און האבן זיא אן גקוקט וויא זיא רעט צו זיך אזו האב איך מורא גהאט מען זאל זיא נישט מסרין , וויא איך האב אויף איר אגשרייא גגעבין , איז זיא צו ריק גשפרונגן אזו וויא איינער וועקט זיך אוף ברעש פון איין שלאף זיא זאגט צו מיר אך וויא בין איך דער ווייל זעהט זיא דיא צווייא אפיצירן אזו זאגט זיא צו זייא איר ווארט נאך מייני העררין גייט צו ראזשער און זאגט אים דאס איך בין אגזונד צו פרידן פון דער מתנה און איך דאנק אים זייער . דיא צווייא אפיצירן האבן זיך גזיגינט און זענין אוועק גגאנגן צו ראזשערין און האבן אים דער ציילט וויא אזו דיא פרינצעסין איז זייער צו פרידין מיט דיא קליידער ,

וויא ראזשער האט דאס גהערט האט ער זיך זייער גפרייט ער האט גנומען פיר ווייבר פון דיא גרוסי העררן וואס זענין גגאנגן זייער שיין גקלייט און האט זייא גשיקט צו דער פרינצעסין זייא זאלן זיא ברענגען אין דער זאל אריין וואס עס איז גוועזן פאר בהייט גמאכט פאר דר הוכצייטס זענין און מען זאל איר איין ריידין אז זיא וועט גליקליך זיין ביז איר לעבין

לֶעבּין וויא דיא פְּרִינְצֶעסִין אִיז אַרַיין גְקוּמֶן אִין דֶער סַאלָייע אַרַיין הָאט דיא מָאזוק אַיין קֵייזֶער מַארְשׁ אוּף גְשְׁפִּילְט אוּנ עֶס הָאבֶּן שׁוֹן דָארְט גְוַוארְט מֶענְר דַאמֶען אוּנ פְרוֶּען וָואס זָאלֶן זִיא גְרַאטָאלִירִין דָאס זֶענִין אַלְץ גְוֶועֶן דיא ווייבֶּר אוּנ טֶעכְטֶער פוּן דיא רוּבֶּר דיא דַאמֶען הָאבֶּן זִיא זֵייעֶר שֵׁיין אַנְטְפַאנְגֶען אוּנ מֶען הָאט גְלַייךְ אַיין חוּפָּה גְשְׁטֶעלְט אוּנ מֶען הָאט גְבְּרַאכְט רָאזְשֶׁעטְרִין אוּנ מֶען הָאט זֵייא בֵּיידֶע אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אַרוּנְטֶער גְפִּירְט אוּנ זִיא וָואר גְצְווּינְגֶען אַיין עֶוויגוּס בַּאנְד צוּ קְנִיפִּין מִיט אִים ׃

נָאךְ דֶער טְרוּאוּנג הָאבֶּן דיא מוּזִיק זֵייעֶר שֵׁיין גְשְׁפִּילְט אוּנ דיא דַאמֶען הָאבֶּן זִיךְ מִיט דֶער פְּרִינְצֶעסִין זֵייעֶר פְרֶעכְטוּג אוּנְטֶער גְהַאלְטֶען דיא אוּנְטֶער הַאלְטוּנְג הָאט גְדוּאֶרְט אַכְט טָאג אוּנ דיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט שׁוֹן אָן גְהוֹבֶּן צוּ פַּאר גֶעסִין אִין אִיר פָּאטֶערְס הֵיים אוּנ דְרַייא חֳדָשִׁים אַרוּם הָאט דיא פְּרִינְצֶעסִין דֶער פִּילְט אַז זִיא טְרָאגְט הָאט זִיא ווידֶער אָן גְהוֹבֶּן צוּ וֵויינֶען אוּנ הָאט אָן גְהוֹבֶּן צוּ זוּכֶן סְפָּאסָאבֶּעס וויא אַזוֹ מֶען קֶען פוּן דֶער הֵייל אַנְטְלוֹפֶען עֶס אִיז אָבֶּער אוּם מֶעגְלִיךְ גְוֶועֶן צוּ אַנְטְלוֹפִין ווייל דיא הֵייל אִיז גְוֶועֶן מִיט כִּישׁוּף אַז אַיין פְרֶעמְדֶער מֶענְטְשׁ הָאט נִיט גְקֶענְט אַרוּם בִּיז וַואנֶען מֶען הָאט נִיט גְוִויסְט דֶעם שְׁפְּרָאךְ פוּן דֶעם כִּישׁוּף מִיר הָאבֶּן אָבֶּער פוּן דֶעם סוֹד נִישְׁט גְוִויסְט נָאר מִיר הָאבֶּן גְקְלֶערְט אוּף אַיין אַנְדֶערִי זַייט צוּ אַנְטְלוֹפֶען עֶס הָאט גְדוּעֶרְט בִּיז דיא פְּרִינְצֶעסִין אִיז גְקוּמֶן אוּנ אַכְטִין חוֹדֶשׁ אַרַיין וויא עֶס אִיז פַּאר אִיבֶּער גְגַאנְגֶען דֶער אַכְטֶער חוֹדֶשׁ הָאט דיא פְּרִינְצֶעסִין פַּאר קְרֵיינְקוּנְג אָן גְהוֹבֶּן צוּ קִינְד צוּ גֵיין אַזוֹ הָאט רָאזְשֶׁעטְר גְלַייךְ פַּאר שַׁאפְט דָאקְטוֹרִים אוּנ אַיין הֶעבְאַם (ווייל אוּנְטֶער זַיין בַּאנְדִי אִיז גְוֶועזְן דָאקְטוֹרִים אוּנ זֵייעֶרִי פְרוֶּען זֶענִין גְוֶועןְ הֶעבְּאַמְס) זֵייא זֶענִין גְזֶעסִין בַּייא אִיר טָאג אוּנ נַאכְט אוּנ הָאבֶּן דֶער וַוארְט דיא שָׁעָה בִּיז זִיא וֶועט גְלִיגִין וֶוערִין זֵייא הָאבֶּן אִיר אַלִי מָאל אַיין אַנְדֶערִי גְשִׁיכְטִי דֶער צֵיילְט בִּיז

זיא

זיא האט דיך וויקטאר גבארן. דאס איז גוועזן אין חודש מאיי אין דרייצעטין נאך מיטאג אין יאר טויזנט דרייא הונדערט זיבן און אכציג און אצונד איז טויזנט פיר הונדערט זעכס בסטו שון אלט ניינצען יאר און דיא פרינצעסין איז שון טוט פינף יאר. און דאס קינד וואס איך האב דא מיט מיר דאס איז דיין ברודעריל וואס זיא האט אים גהאט און דעמאלט איז זיא דעם אנדערן טאג גשטארבן איידער זיא איז גשטארבן האט זיא מיך צו זיך צו גרופן און האט מיך גהייסן לעבין איר אנידר זעצין און זיא האט זייער גוויינט און האט מיר גזאגט זיא שטארבט נאר דורך דעם ווייל זיא בינקט נאך דיר און זיא האט מיך גבעטן אז וויא באלד איך וועל פון דער היילאמאל גהאלפן ווערין זאל איך פאר קיינם ניט אנטפלעקן וואס עס האט זיך מיט איר גטאן, אויף דעם האב איך איר גמוזט צו שווערין נאר אצונד אז איך האב גהערט דער ציילן דיא גשיכטע פון דיר און דו ביסט איר זון האב איך שון גמאכט ברעכין דיא שבועה.

ענדע דיא דריטע-טייל

# אַקינד אין וואַלד

אַ וואונדערליכע שיינע געשיכטע וואס האט זיך אַ מאל אין
דער וועלט געטראָפֿין . ווי אַזוי אַין באַראָן האט אַ קינד
געפֿינען אין אַוואַלד , אונ׳ פֿון די בערימטע רויבער
ראָזשער מיט דער באַנדע

פּערטער טהייל

---

## זיטאמיר


גערוקט בייא ה׳ י. מ. באקשט

הובא לבוז״ד ע״י פבֿיל מאלדאווסקי

שנת תרלו לפ״ק

ДИТЬЯ ВЪ ЛѢСУ

ЖИТОМИРЪ

Въ Типографіи И. Бакста

1875

ווִיא פְּרִיצֶערִין מִיט זַיינִי לַייט הָאבֶּען אַזוֹ אוּם גְהֶערְט דִיא גְשִׁיכְטֶע ער צֵיילֶן הָאבֶּן זֵייא זֵייעֶר עֶרְשְׁטוֹינְט דֶער בַּייא. אוּנ וִויקְטָאר הָאט אָן הוֹבִּין צוּ וֵויינֶען. אוּנ עֶר אִיז צוּ גְפַאלֶן צוּ דֶעם קְלֵיינֶעם קִינְד אוּנ הָאט ים גְנוּמֶן אוֹף דֶער הַאנְט אוּנ הָאט אִים גְקִישְׁט. אוּנ הָאט אִיבֶּר אִים ייעֶר גְוֵויינְט. עֶר זָאגְט צוּ אִים עֶס אִיז אוּנְז בֵּיידֶע ווִייא אַז מִיר הָאבֶּן הַאט אַזוֹ אַיין טַייעֶרִי מוּטֶער, אוּנ מִיר הָאבֶּן נִיט דִיא זְכִיָה גְהַאט אַז יר זָאלִין זִיא קֶענֶען, נָאר גְלוֹיבְּט אִיז גָאט אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ חָאטְשִׁי יט צְווֵייא עֶרְלֵייא זַאכֶן צוּ טְרֵייסְטֶן, עֶרְשְׁטִינְס וָואס אִיךְ הָאבּ אַיין גוּטֶען רְצִיהֶער גְהַאט עֶר הָאט מִיךְ גְהַאלְטֶן אַזוֹ ווִיא אַיין אֵייגֶען קִינְד, אוּנ הַאט מִיךְ גְלָאזְט לֶערְנִין אוּנ עֶר הַאלְט מִיךְ נָאךְ אַצוּנְד פַאר אַיין קִינְד, ווֵייטִינְס טְרֵייסְט אִיךְ מִיךְ מִיט דִיר וָואס אִיךְ הֶער אַז דוּא בִּיסְט מַיין רוּדֶער פוּן מַיין מוּטֶער, אוּנ דָאס אִיבֶּרִיגִי זָאל אוּנְז גָאט טְרֵייסְטִין.

קְלִימֶענְצִי רוּפְט זִיךְ אָן גְלוֹיבְּט אִיז גָאט וָואס אִיר זֶענְט אָפּ גְהִיט וָוארֶן פוּן דֶעם רוֹיבֶּערְם הַאנְד.

פְּרִיצֶערִין זָאגְט צוּ אִיר מַיין לִיבֶּע מַארַאם וָואלְפֶּע, אִיךְ וָואלְט וָואלְט פְּרֶעגִין, אֵיין זַאךְ נָאר אִיר זָאלְט מִיר זָאגִין דֶעם אֶמֶת, וָואלְפֶּע אגְט צוּ אִים מַיין לִיבֶּער הֶער אִיר קֶענְט פְרֶעגִין וָואס אִיר ווִילְט וֶועל יךְ אַייךְ זָאגֶן ווָארוּם אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹן אַיין מָאל דִיא שְׁבוּעָה גְבְּרָאכִין עג אִיךְ שׁוֹן אַייךְ אַלְדִינְג דֶער צֵיילִין, אִיבֶּר הוּפְּט אַז אִיךְ דֶער צֵייל אס פַאר אִיר אֵייגֶען קִינְד, אוּנ אִיר אַלֵיין זֶענְט אוֹיךְ נִיט קַיין פְּרֶעמְדִיר וָוארוּם אִיר זֶענְט ווִיקְטָארִין אַזוֹ ווִיא אַיין פָּאטֶער.

פריצערין

פְּרִיצֶערִין פְרֶעגְט זִיא , אַז זִיא אִיז גְוֶועזֶען אַיין פְּרִינְצֶעסִין הָאט זִיא וִויקְטָארִין אַזוּ לִיבּ גְהַאט אַז זִיא אִיז דוּרְךְ אִים גְשְׁטָארְבֶּן וָואס זִיא הָאט זִיךְ אִין אִים פַאר בֵּיינְקְט אוּנ בַּייא דֶעם אַלֶעם בִּין אִיךְ אַלֵיין אִיבֶּר צֵיינְט אַז זִיא הָאט אִים לִיבּ גְהַאט וָוארוּם וֶוען זִיא זָאל אִים נִיט גְוֶועזֶען לִיבּ הָאבֶּן וָואלְט זִיא דִיךְ נִיט גְוֶועזֶען גְהֵייסֶען אַז אִיךְ זָאל אִים אַלֵי נַאכְט בְּרֵיינְגֶען אִין דֶער הֵייל אַרַיין נָאר דָאס אֵיינֶע אִיז מִיר אַיין ווִינְדֶער פַאר וָואס הָאט זִיא אִיר גְלִיבְּט קִינְד מַפְקִיר גְוֶועזֶען אִין פְרֶעמְדִי הֶענְט וָוארוּם וֶועלְכִי מַאמֶע נֶעמְט אִיר אֵייגֶן קִינְד אוּנ שֵׁיינְקְט עֶס אַוֶועק עֶס מֶעג אֲפִילוּ זַיין דֶעם גְרֶעסְטֶען פִירְשְׁט שֵׁיינְקְט מֶען אִים אוֹיךְ נִיט אַוֶועק קֵיין קִינְד אִיבֶּר הוֹפְּט זִיזוֹ הָאט מִיךְ גָאר נִיט גְקֶענְט וֶוער אִיךְ בִּין אוּנ וָואס אִיךְ בִּין.

וָואלְפֶּע זָאגְט צוּ אִים מַיין לִיבֶּער הֶער אִיר הָאט זֵייעֶר רֶעכְט מִיט דֶעם וָואס אִיר פְרֶעגְט מִיךְ דִיא גְשִׁיכְטֶע אִיז אַזוּ גְוֶועזֶען וִויא מַיין הֶערִינְטִי אִיז גְלֶעגֶין גְוָוארֶן אוּנ הָאט וִויקְטָארִין גְבָּארִין הָאט רָאזְשֶׁער אִים גְוָואלְט אַיין נָאמֶען גֶעבִּין נָאךְ זַיין פָאטֶער וִויא דִיא הֶערֶענְטֶע הָאט דָאס גְהֶערְט הָאט דָאס זִיא זֵייעֶר גְקְרֵיינְגְט וָוארוּם רָאזְשֶׁערְס פָאטֶער אִיז אוֹיךְ גְוֶועזֶען אַיין רוֹבֶער הוֹפְּטְמַאן הָאט זִיא נִיט גְוָואלְט אַז אִיר קִינְד זָאל הֵייסֶען נָאךְ אַיין רוֹבֶּער אוּנ דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט אִים גְוָואלְט אַיין נָאמֶען גֶעבֶּן נָאךְ אִיר גְלִיבְּטֶען וָוארוּם וֶוען דִיא פְּרִינְצֶעסִין אִיז גְבָּארִין גְוָוארִין אִיז בַּייא אִיר פֶעטֶער בַּייא דֶעם פָאטֶערְס בְּרִידֶער גְבָּארִין גְוָוארֶען אַיין פְּרִינְץ עֶר הָאט גְהֵייסֶען טֶעוֶועאָס , אַזוּ הָאט זִיךְ אִיר פָאטֶער מְשַׁדֵךְ גְוֶועזֶען מִיט אִים וִויא זֵייא זֶענֶין אַלְט גְוָוארֶען פוּפְצִיג יָאר הָאבֶּן זֵייא זִיךְ זֵייעֶר לִיבּ גְהַאט דֶער וַוייל אִיז אוּם גְקוּמֶען דֶער פָאטֶער הָאט מִלְחָמָה גְהַאלְטֶען מִיט אַיין קֵייזֶער אַזוּ הָאט טֶעוֶועאָס אִיבֶּער גְנוּמֶען אַיין בְּרִיגַאד אוּנ הָאט מִלְחָמָה גְהַאלְטֶען מִיט דֶעם קֵייזֶער עֶר הָאט דֶעם קֵייזֶער זֵייעֶר פַאר יָאגְט אוּנ עֶר הָאט אִים

אַרִין נָאר נָאךְ גִיאִיט דֶער וַוייל הָאט אַיין פַּאטְרָאל פוּן דֶעם פַיינְד וָואס זֶענִין צוּ רִיק גְבְּלִיבְּן דֶער זֶעהֶן דָאס הוּבְּט לַאגֶער וָואס דֶער פְּרוּנְץ טֶעזֶעאָס אִיז דָארְטֶן גְוֶועזְן הָאבְּן זִיא אִין דֶעם לַאגֶער אַרַיין גְשָׁאסְן אוּנ הָאבְּן גְלַייךְ דֶעם פְּרוּנְץ גְטְרָאפְן אוּנ עֶר אִיז דֶער שָׁאסְן גְוָוארְן וִויא דִיא נַאכְרִיכְט אִיז אָן גְקוּמֶן צוּ מַיין הֶערֶענְטֶע הָאט זִיא זֵייעֶר גְוֵויינְט נָאךְ אִים וָוארוּם זִיא הָאט אִים זֵייעֶר לִיבּ גְהַאט נָאר אִיךְ פְּלֶעג אִיר תָּמִיד אוּם צוּ רַיידִין בִּיז זִיא הָאט אִין אִים פַאר גֶעסִין נָאר דָא וִויא עֶס הָאט זִיךְ גְטְרָאפֶן מִיט אִיר וָואס רָאזְשֶׁער הָאט זִיא פוּן אִיר פָּאטֶר אַוֶועק גְגַנְבֶת הָאט זִיא זִיךְ ווִידֶער דֶער מַאנְט אִין אִים אוּנ אַז וִויקְטָאר אִיז גְבָארֶן גְוָוארְן הָאט זִיא אִים גְוָואלְט אַיין נָאמֶן גֶעבְּן נָאךְ אִים נָאר רָאזְשֶׁער הָאט נִיט גְוָואלְט, וָוארוּם עֶר הָאט גְוָואלְט נָאךְ זַיין פָאטֶר אִים אַיין נָאמֶן גֶעבְּן דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט אָבֶּר אִים אִיבֶּר גְשְׁפַּארְט אוּנ הָאט אִים אַיין נָאמֶן גְגֶעבְּן נָאךְ דֶעם פְּרוּנְץ טֶעזֶעאָס אִיז רָאזְשֶׁער תָּמִיד אַרוּם גְגַאנְגֶן בֵּייז אוּנ הָאט גְוָואלְט דָאס קִינְד הַארְגֶנֶן אוּנ דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט אִים נִיט גְלָאזְט זִיא פְלֶעגְט צוּ אִים שְׁרַייאֶן דִיא מֶערְדֶער הַארְגֶע מִיךְ לִיבֶּר אוּנ מַיין קִינְד לָאז לֶעבִּין עֶר פְלֶעגְט אָבֶּר נִיט וֶועלִין עֶר פְּרֶעגְט אִיר זָאגִין וֶוען דִיא לָאזְט אִים נִיט אוּם בְּרֵיינְגֶן זָאלְסְטוּ אִים אַוֶועק גֶעבִּין אוּנ אִיךְ וִויל אִים נִישְׁט אוֹף מַיינִי אוֹיגֶן זֶעהֶן (וָוארוּם עֶר אִיז גְוָואר גְוָוארֶן אַז טֶעזֶעאָס אִיז גְוֶוען אִיר לִיבּ הָאבֶּר דְרוּם הָאט עֶר אִים נִיט גְקֶענְט אָן קוּקֶן) אַזוֹ הָאט זִיא בַּייא זִיךְ גְרֵיינֶקְט אֵייהֶער עֶר זָאל דָאס קִינְד הַרְגֶנֶן אוּנ לִיבֶּר זִיא זָאל דָאס אַוֶועק שֵׁיינְקֶן נָאר גְלוֹבְּט אִיז גָאט וָואס עֶר אִיז אָן גְקוּמֶן צוּ אַזוֹ אַיין אֵיידְלִין הֶערִין וָואס עֶר הַאלְט אִים נָאךְ גְרֶעסֶער וִויא זַיין אֵייגֶען קִינְד אָבֶר דֶער אֶמֶת'דִיגֶער נָאמֶען זַיינֶער אִיז טֶעזֶעאָס אוּנ נִיט וִויקְטָאר אוּנ דָאס קְלֵיינֶע קִינְד הָאט עֶר אַיין נָאמֶן גְגֶעבְּן נָאךְ דֶער פְּרִינְצֶעסִינְס טוֹט נָאךְ זַיין פָאטֶר אוּנ נָאךְ דֶער פְּרִינְצֶעסִין זַיין פָאטֶר הָאט גְהֵייסֶן הוּפָּאלוּט אוּנ

דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט גְהֵייסֶן פֶּעדְרָא אַזוֹ הֵייסְט דָאס קִינְד פֶּעדְרָא הִיפָּאלוּט אַז אִיר ווִיקְט ווִיסִין דִיא מוּטֶּר וָואס פַּאר אַיין אוּם זֶעהֶן זִיא הָאט גְהַאט זָאלְט אִיר אָן קוּקֶן דָאס קִינְד וֶועט אִיר קֶענִין דִיא פְּרִינְצֶעסִין וָוארוּם דָאס קִינְד הָאט דָאס גַאנְצִי אוּמְגְלִיק פוּן דֶער מוּטֶּר דְרוּם הָאט רָאזְשֶׁער דָאס קִינְד זֵייעֶר לִיבּ אוּן עֶר אִיז מִיר דוּרְךְ דֶעם נָאךְ גְלָאפֶּן ווַייל עֶר הָאט פַאר לַאנְגְט דָאס קִינְד צוּרִיק אִיךְ הָאבּ אִים אָבֶּער דָאס קִינְד נִיט גְוָואלְט גֶעבִּין וָוארוּם דִיא פְּרִינְצֶעסִין הָאט מִיךְ בַּאשְׁווֹאֶרְן אַז בַּאלְד אִיךְ וֶועל אַמָאל פוּן דֶער הֵייל קֶענֶן אַנְטְרוּנֶן וֶוערֶן זָאל אִיךְ דָאס קִינְד מִיט גֶעמֶן אוּן דָאס פִירִין צוּ אִיר פָאטֶער . דַאמוּט עֶס זָאל פוּן אִיר בְּלַייבֶּן אַיין אֵייבִּיגֶער אַיין דֵיינְק אוּן דָאס פָּאטָאגְרַאפְיֶע זָאל אִיךְ מִיט נֶעמֶען אוּן דָאס דֶעם פָאטֶר אִיבֶּר גֶעבִּין .

וִויקְטָאר זָאגְט צוּ אִיר לִיבֶּע פְרוֹא וָואלְפֶּע אִיךְ בֶּעט אַיךְ זֵייעֶר ווַייזְט מִיר דָאס פָּאטָאגְרַאפְיֶע פוּן מַיין מוּטֶּר אִיךְ ווִיל זִיא קֶענֶן וָואלְפֶּע נֶעמְט דָאס פָּאטָאגְרַאפְיֶע פוּן דֶער פְּרִינְצֶעסִין אוּן פוּן טֶעזֶעאָסֶען אוּן פוּן פֶּעדְרַא הִיפָּאלִיש . אוּן ווַייזְט עֶס זֵייא זֵייא זֶענִין אַלֶע צוּ גְשְׁפְּרִינְגֶען אָן צוּ קוּקֶן דִיא בִּילְדֶער ווִיא זִיא הָאט אַרוּם גְנוּמֶן דָאס פָּאטָאגְרַאפְיֶע פוּן דֶער פְּרִינְצֶעסִין הָאט זִיא זֵייעֶר אָן גְהוֹבֶּן צוּ ווֵיינִין אוּן הָאט גְשְׁרִיגֶן אַךְ מַיין טַייעֶרִי הֶערְצִינְטֶע אִיךְ אוּן דַיינִי קִינְדֶער זֶענִין מִיר פוּן דִיא רוֹבֶּערְס הֶענְט נִיצוֹל גְוָוארֶן אוּן נָאר דִיא הָאסְט דִיךְ נִיט גְקֶענְט פוּן דֶעם רוֹבֶּר רָאזְשֶׁער אַנְטְרוּנֶן וֶוערִין פְּרִיצֶעדִין הָאט דָאס בִּילְד גְנוּמֶן אִין דֶער הַאנְט אוּן הָאט גְשָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ דֶער צוּ עֶר זָאגְט צוּם בִּילְד אַזוֹ ווִיא מֶען רֶעט צוּ אַיין לֶעבֶּעדִיגֶן מֶענְטְשׁ דִיא אֵיידִיל קִינְד דִיא אֵיידִיל קִינְד · נַאזוֹ יוּנְג הָאסְטוּ דָא דַיינִי יָארֶען פַאלוֹרֶען נָאר דַאנְקֶען דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶן דֶער דַיינֶע קִינְדֶער צוּ אַיין גוּטֶן עֶרְצִיהוּנְג אַפָּאטֶר גְשִׁיקְט הָאט אוּן גִיבּ דַיינֶע

קינדר

קינדר אבענטשונג דאס זייא זאלן זיין גליקליך דער נאך האט ער גנומען דאס פאטעגראפיע פון וויקטארין אונ זאגט צו אים זעהסט דיא וויקטאר דאס ביסטו . אך וויא שיין דיא ביסט גמאלען דאס פאטאגראפיע צייגט איבר דאס דיא ביסט דער זון פון דער פרינצעסין ווייל דיא מאראם וואלפע האט עס נאר איבר דיא הייסט ניט וויקטאר נאר טעזעאס איך האב דיר איין נאמן געגעבין וויקטאר ווייל איך האב ניט גוויסט וויא דיא הייסט אונ איך האב גהאט איין גוטן פריינד וואס איך האב אים ליב גהאט האב איך דיר אנאמען געגעבין וויקטאר , נאר אצונד אז איך האב זיך דער וויסט וויא דיין מוטער האט דיר דיין נאמן גטראפן אזו וויל איך אים ניט רובין ביא דיר אונ דיא זאלסט הייסן ביידע טעזעאס וויקטאר ער זאגט צו זיין טאכטער זעהסט דיא וויא שיין דיא פאטאגראפיע איז פון דיין גמאל בלייבן אוף אייבג קרימענציע פאלט ארום איר פאטער אונ האלזט אים אונ קישט אים , זיא דאנקט אים זייער פאר דער גוטער בשורה וואס ער האט איר גזאגט אוך טעזעאס וויקטאר איז צו אים צו גפאלן אונ האט אים גקישט אונ גדאנקט ער זאגט צו אים פאטער מיין גשטארבענע מוטער זאל זיא דאפור זעגין ברונגון וואס זייא האבן אין מיר גטאן ביז אצונד .

פריצערן פרעגט דיא מאראם וואלפע וויא קומט צו אייך דיא אלע בילדער אזו האט אים וואלפע גענטפערט אונטער דאזשערס צייט איז גוועזן איינער וואס ער האט גקענט מענטשין בילדער מאלען האט ער זיך אונטער גנומען ער זאל זיא אפ מאלין אונ וויא דיא פרינצעסין האט גזעהן אז ער האט זיא גטראפן האט זיא דער נאך גראזט טעזעאסן אוך אפ מאלין אונ נאך דעם האט זיא ערשט אים אייך אוועק גגעבן דרום האט זיא אייך גהייסן קומן דיא אנדערי נאכט ווייל זיא האט גוואלט האבין דאס פאטאגראף פון אים דאמוט זיא זאל זיך האבן מיט וואס צו טרייסטן

אונ

אונ אייער זיא איז גשטארבן האט זיא מיר אן גזאגט אז איך זאל דאס קינד וואס איך האב ביא מיר אויך אפ מאלין איך האב זיא דאס אלרינג גפארגט אונ גצונד האב איך דאס אלרינג מיט גנומען .

פריצערין זאגט צו איר ליבע מאמאס אז איר ווענט יוא אזו איין גטרייע מוטר גוועז דיא גשטארבענע מוטר פון דיא קינדר האבן מיר זיך שון גמענט איין שטעלין אונזר לעבן פאר איך נאר דאס איינע בין איך נאך ביז וואס איר האט ניט גוואלט ראזשערין הארגענען .

וואלפע זאגט צו אים מיין ליבער הער איך בעט איך זייער זייט ניט אזו ברוגז אויף מיר ווארום עס האט זיך נאך ניט גטראפן אז איין קינד זאל זיין פאטער הרגנן דאס איז איין גרויסי עבירה אונ איך האב אים פון דער עבירה אפ גהיט ובפרט מען קען נאך גאר ניט וויסן עס קען זיין אז ראזשער זאל זיך מיישב זיין אונ זאל ווערין צוריק איין ערליכר אזו וויא ער איז גוועזן .

קלימענציע זאגט ליבר פאטר דיא פרוא האט רעכט ווארום זיא האט אים אפ גהיט פון איין גרויסי זאך ער בדארף איר נאך צו דאנקן .

פריצירען זאגט אצונד מייני ליבע קינדר איז דיא צייט אז מיר זאלן שלאפן גיין אונ דאן וועל איך דיא פערמעלונג פון טעזעאס אונ קלימענציע מאכין ,

דעם אנדרן מארגן האט פריצערין גלאזט רעכט מאכן זיין פאלוטץ אונ דער שענסטע ארדינג אונ ער האט אפ גשריבן איין בריף צו דעם קייזער פון פארטוגאל אונ ער האט ארין גלייגט דאס פאטאגראף פון זיין טאכטר וואס דא איז גשעהן האט ער אים ניט גשריבן נאר ער האט

איין

איין גלארין צו זיך ער זאל צו אים קומן נאדר אהין זאל געהערט האבן אים איין בעוואפינט רעגימענט.

וויא דער קייזער פון פארטוגאל האט דעם בריף דער האלטן אונ ער גוט: אקוק אוף דיא פאטאגראפיע האט ער גלייך דער קענט זיין טאכטער, איז ער אנידער גפאלן אונ חלושת אונ האט אן גהובן צו חאלושין זענין צו אים גלייך צו גלאנגן דיא דאקטורים אונ האבן אים קום דער מונטערט וויא ער איז אביסיל צו זיך גקומן האט ער אגשרייא גטאן אך מיין טייערי טאכטער פערדרא לעבט נאך דיא לעבסט ביז אונ גריב האב איך גמיינט איך וועל נאך דיר טרוארין, אבר גאט זייא דאנק איך בין יעצט ווידער אוף גפרושט ווידער אוף גלעבט אך דיא גרוסר אלמעכטיגר גאט דוא האסט מיך ביז אצונד גצווינגן אבער האסט דיא מיך דאך יעצט גטרייסט דיא קייזערין אוך דאס מיניסטאריע זענין אלי שטיל גבליבן זייא האבן שון גאר ניט גוואלט לייענין דעם בריף זייא האבן נאר גקוקט אוף דיא פאטאגראפיע: ווארום עס איז בייא זייא גווען זייער איין גרוס וואונדר ווייל פון צוואנציג יאר האט מען פון איר ניט גוואוסט אונ קיין שום בריף ניט גהאט אונ אצונד איז אים אן גקומן פון איר איין בריף מיט דער פאטאגראפיע דיא מיניסטאריע האבן גנימען דעם בריף אונ האבין אים גיגעבין דעם קייסר ער זאל אים לייאענען. דער קייסר נעמט דעם בריף אונ לייאנט אים איבר זעהט ער, עס שטייט אין בריף איין גישריבן אז ער זאל קומן מיט איין באוואפענט חיל אונ אוב דיא טאכטער איז בייא אים דא שטייט ניט איין גישריבן. אזו האבין זיך דאס גאנצי מיניסטאריע זייער פאר וואנדערט זייא האבין אליין ניט גוויסט וואס דאס זאל בעטייטן מען האט גימאכט איין סאוועט. אונ מען האט אפ גיקלערט אז מען זאל שיקין אהין איין גענעראל מיט צווייא אדיוטאנטן

זייא

זייא זאלין פארין צו דעם פערסט און זאלין דארטין זעהין וואס דאס באטייט נאר ער זאל א דיפעשע שרייבין וואס דארט איז וואס ער פאר לאנגט איין בעוואפענט חיל :

עס איז אזו גיוועזן מען האט נישיקט אגענעראל מיט צווייא אדיוטאנטען און זייא זענין גליקליך אהין גיקומן צו דעם פערסט פריצערין און זייא האבען אן גיהויבען דיא זאך חוקר ודורש צו זיין וואס דאס איז אזוי . האט זייא דער פערסט פריצערין דער ציילט דיא גאנצי גישיכטע און האט אים גוויזען דיא פרוי וואלפע וואס ער האט זיא מציל גיוועזן פון ראזשערון ער האט אים פאר גישטעלט טעזעאסען אי ער איז דער פרינצעסינס זון אוך דאס קליינע קינד פון פינף יאר ער האט אים דער ציילט וויא אזו ער האט קענין אים גשטרייט דורך דער פרויא וואלפע און ער האט אים באקומען נאר אצונד האט ער גשריבן איין בריף צו דעם קייזער אז ער זאל קומן מיט איין בעוואפענט רעגומענט באמוט מען זאל דאס וואלד בייא רינגלען און מען זאל ראזשערין פון דארט ארוס נעמען מיט זיין באנדע וויא דער גענעראל האט דאס דער הערט האט ער גנומן און האט גלייך אפ גשריבן איין בריף צו דעם קייזער מיט דיא זעלבגי ווערטער וואס דער פירשט פרוצערן האט אים דער ציילט .

וויא דער קייזער האט דעם בריף פון דעם גענעראל דער האלטען האט ער גלייך גגעבן איין באפעל אז עס זאלן צווייא רעגומענט שטארק בעוואפענט ווערין אוך פייער באטרוגע קאנאנען זאלן מיט מארשירען מיט דיא צווייא רעגומענטיר און דער קייזער זעלבסט מיט זיין מיניסטריום זענין מיט דעם מיליטער מיט גירייטען ביז זייא זענין אן גקומן איין פערטיל מייל פאר דעם שלאס פון דעם פירשט האט שון דארט גווארט דער פירשט מיט זיין גאנץ הויז גזונד אוך דער גענעראל מיט זייני צווייא אדיוטאנטין

הָאבֶּן אִיךְ גְוַוארְט דֶער פִּירְשְׁט אִיז צוּ אִים צוּ גְנאנְגֶען אוּנ הָאט אִים זַייעֶר שֵׁיין אַנְטְפַאנְגֶען אוּנ הָאט אִים גְפִּירְט צוּ זִיךְ אִין פַּאלֶעץ אַריין דָארְט הָאבֶּן שׁוֹן גְוַוארְט בַּאדִינְטֶע אוּנ מֶען הָאט גְמַאכְט אַגְרוֹסֶען מִיטָאג פַאר דִיא רֶעגִימֶענְטִיר אוּנ פַאר דֶעם קֵייזֶער מִיט זַיינִי מִינִיסְטָארִין בַּייא דֶעם טִישׁ הָאט דֶער פִּירְשְׁט פְרִיצֶערְין דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גְשִׁיכְטֶע וִויא אַזוֹ עֶר אִיז פַאר בְּלָאנְזֶעט גְוָוארֶען אִין דֶעם וַואלְד אַריין אוּנ הָאט זִיךְ גְבֶּעטֶען אַז גָאט זָאל אִים צוּ שִׁיקֶען אַיין אָרוּם קִינְד אוּנ וִויא אַזוֹ עֶר הָאט דֶעם טֶעזֶעאָסִיען גְפִינֶען אוּךְ דִיא פְרוּיא וָואלְפֶע הָאט דֶעם קֵייזֶער אָן גְהוֹבֶּען צוּ דֶער צֵיילֶען דִיא גַאנְצִי גְשִׁיכְטֶע וִויא דֶער קֵייזֶער הָאט דֶער זֶעהֶען דִיא פְרוּא וָואלְפֶע אִיז עֶר גְבְּלִיבֶּען אִין חֲלָשׁוּת מֶען הָאט אִים קוּם דֶער מִינְטֶערְט וִויא עֶר אִיז צוּ זִיךְ גְקוּמֶען אוּנ הָאט זִיךְ אַבִּיסֶל סְפַּאמִייעֶנְטוּט הָאט עֶר גְזָאגְט צוּ דֶער פְרוּא וָואלְפֶע זִיא זָאל זִיךְ רֶעבִּין אִים אַנִידֶער זֶעצִין אוּנ אִים דֶער צֵיילִין דִיא גַאנְצֶע גְשִׁיכְטֶע וָואלְפֶע הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע גְשִׁיכְטֶע וִויא אַזוֹ דִיא פְרִינְצֶעסִין הָאט זִיא בַּשְׁווארֶען אוּנ וִויא אַזוֹ זִיא אִיז נִיצוֹל גְוָוארֶען פוּן דֶער הֵייל אוּנ דָאזְשֶׁער הָאט אִים נָאךְ גְזָאגְט אוּנ דֶער פִּירְשְׁט פְרִיצֶערֶען הָאט זִיא מַצִיל גְוֶוען ׃

וִויא דֶער קֵייזֶער הָאט דָאס גְהֶערְט הָאט עֶר פְרִיצֶערִין זַייעֶר שֵׁיין גְדַאנְקְט וָואס עֶר הָאט זִיךְ פַאר אִיר אָן גְנוּמֶען אוּנ עֶר הָאט גְזָאגְט צוּ טֶעזֶעאָסִין לִיבֶּער טֶעזֶעאָס דַיין מוּטֶער הָאב אִיךְ נִיט דִיא וֶוערְט צוּ זֶעהֶען אַזוֹ זֶעה אִיךְ אִין וֵוינִיגְסְטִין דִיא קִינְדֶער פוּן אִיר נָאר דִיא וֶוערְט גְהַאט דַיין מוּטֶער צוּ קֶענֶען אוּךְ דַיין פָאטֶער קֶענְסְט דִיא נִיט אַזוֹ פַאר לַאנְג אִיךְ אַצוּנְד פוּן דִיר אַיין עֶנְטְפֶער צוּ בַּאקוּמֶען וַוייל עֶס צוּ דִיר גִיהֶער דִיא זָאלְסְט ווִיסֶען אַז דִיא הָאסְט אַפָאטֶער וָואס עֶר אִיז נִיט וֶוערְט דִיךְ צוּ הָאבֶּן פַאר אַיין זוּן ׃ עֶר אִיז אַיין רוֹיבֶּר ׃ פְרִיעֶר אִיז עֶר

גיוועז ביא מיר מיינע באראגאד אונ דער נאך באם שלאס האט ער מיר פאר פירט . היינט חוץ דעם האט ער ביא מיר דיא פרונצעסין אונ דיא אממע אוועק גרובט אונ דוא ביסט דער זון פון איר דאס הייסט דיא ביסט מיין איינעקיל אזו מוז איך מיך אין דיר אן פרעגין וייל דאזשער דער עלצטער רוצח איז דיין פאטער דער איז פאר סארעט גוואורן צום טוט אצונד פאר לאנג איך פון דיר צו הערין וואס דיא וועסט זאגן .

טעזעאס צום קייזער ערווירדוגער עקסולענץ זו שטעלין זא איינע פראגע וויא מען פרעגט איין מוטער אוף איר שלעכט קינר אוב מען אים הונריכטין זאל עס מעג אוך זיין איין שלעכטע מוטער זאגט זיא שטענדג מיט אביטער הארץ אונ ויינט דריבר זיא זאגט ניין אפשר וועט ער זיך פאר בעסערן אונ וועז דיא מוטער ווייסט אבר דער פון ניט אזו ויינט זיא גאר ביז עק דענקט מאל פאר גייט איר. דיא שמערץ מער קען איך ניט זאגען :

וויא דיא מינסטארען האבן דאס גהערט פון טעזעאסין האבן זייא אים בראוואה גקלאפט זייא האבן גזאגט צום קייזער דאס ער איז גרעכט וייל איין קינד פרעגט מען ניט אזעלכס אוף זיין פאטער ער מעג אוך זיין ווער ער וויל דער קייזער אליין האט אים אוך רעכט גגעבן דען ער האט גזעהן אז טעזעאס איז איין קלוגער מענטש אזו האט ער אים גשווארן אונ האט אים צו גזאגט אז ער זאל אים קיין שלעכטץ ניט טאן וויא באלד ער מיט זייני לייט וועט זיך וועלין אונטר געבין .

פריצערין זאגט צום קייזער . ערווירדוגער עקסעלענץ ווען איר ווילט וועל איך מיט מיינע לייט איבר נעמען איין קאמאנדע . אונ טעזעאס וועט ביא אייערי רעגעמענטי איבר נעמען איין קאמאנדע וייל זייערי

הערן

הערן קאמאנדאנטין זעניז אונ׳ באקאנט אין דעם קיניגראצקען וואלד אזו וועלין מיר איך ווייזין וויא אזו מען קען דעם וואלד אין דיא היל פאר שטעלין׳ דער קייזר האט אים זייער גראנקט דער פאר וייל ער האט געזעהן אז דער פירשט פריצערין איז אים גטרייא.

וויא זייא האבן שון אן גהובן מיט דעם מיליטער אום צו מארשירין איז טעזעאס צו גפאלין צום קייזער אונ צו פריצערונס פיס. אונ האט זייא גבעטין זייא זאלין אים ערלויבן אין דער היים צו זיין. ער וויל ניט מיט גיין וייל טאמר איז מען גצווינגן מיט פייער קעגין ראזשערין צו גיין אונ ער איז דאך זיין פאטר האט ער ניט גוואלט דער ביא זיין, דער קייזר מיט דעם פירשט האבן אים ערלויבט ער זאל זיין אין דער היים. טעזעאס וויקטאר האט זייא זייער גדאנקט אונ ער איז גבליבן אין דער היים. טעזעאס טראכט ביא זיך איך האב שון לאנג אויף דעם גווארט. איך זאל אליין בלייבן מיט מיין ליבי קלימענציא אין דער היים. איך זאל קענין מיט איר ריידין אונ זאל וויסן איר הארץ דיא ברינגאדין זעניז אפ מארשורט אונ טעזעאס איז גבליבן מיט קלימענציא אין דער היים.

טעזעאס וויקטאר האט מיט קלומענציען אן גהובן צו שרייען וועגין דער האכצייט קלימענציא האט אבר מיט אים קיין לאנגע גשפעטין ניט גמאכט אונ האט אים גזאגט מיין ליבר וויקטאר איך האב דיר שון איין מאל גזאגט אז איך מיין ניט קיין אנדערין נאר דיך, אונ איך שווער דיר אצונד נאך אמאל אז איך זאל מיט קיין איינציגן ניט חתונה האבען נאר מיט דיר, וויא זייא ריידין אזוביידע צווישן זיך קומט אריין דיא פרויא וואלפע פון איר חדר אונ זאגט צו וויקטארין מיין הער איך הער שיסן, גאט ווייסט וויא אזו עס טוט אונזר קייזער אונ מיט דעם פירשט דער גייט, וויקטאר איז גיך אויף דעם טארום ארוף גשפרונגן אונ האט גנומן

איין

אין שפּיקטיף אין דער האנד דרום ער זאל זעהן וויא אזו עס דער גייט
מיט דעם חיל אין וואלד, אזו האט ער גזעהן אז אין אין זייט שיסט
דאס מיליטער זייער שטארק, אונ דיא באנדע פון ראזשערין האט ער
גאר ניט אן גהויבן צו זעהן; אזו איז ער אריין גגאנגען צו דיק צו קלימענציען
אונ האט איר גזאגט אז ער וויל רייטען צו דעם בריגאר, ווייל ער וויל
זעהען וויא אזו דאס מיליטער שטארקט זיך, אונ אז זיא וויל מיט אים
מיט רייטען מ"ג זיא מיט אים מיט רייטען, קלימענציע זאגט צו אים ווען
דיא ווילסט אזו ווער איך דיך ניט אפּ האלטען נאר איך האב מורא אז
אוף דעם וועג זאל אונז ניט דער פיינט באפאלען, טעזעאס וויקטאר
זאגט צו איר מיין ליבע קלימענציע פאר דעם זאלסט דיא דיך ניט זארגען
גאט וועט אונז העלפין.

טעזעאס וויקטאר האט זיך גוט אן גזאטילט איין פערד אונ האט
זיך גוט בעוואפינט אוף פאר קלימענציען האט ער אן גזאטילט א פערד אונ
האט איר גגעבן א פיסטול וואס זיא שיסט פיר מאל אונ זענין גפארן אין
וואלד אריין, וויא זייא זענין גקומען אוף דעם וועג אזו איז זייא אקעגען
גקומען איין רובר אונ האט זיך פאר זייא אנידער גווארפן פאר דיא פערד
אזו איז טעזעאס וויקטאר גבליבן שטיין, אונ האט אים גהייסן אוף הויבן
אונ ער זאל זאגין וואס ער פאר לאנגט וויא דער רובר האט זיך אוף גהויבן
אזו זאגט ער צו טעזעאסן מיין ליבר העהר איך בעט אייך זייער פירט מיך
אין שלאס אריין צו דעם פירשט איך וויל מיט אים שלום מאכן, דען איך
האב חרטה וואס איך האב קעגין אים שלעכטס גטאן איך וויל אים בצאלען
דעם שאדן וואס ער האט גהאט, טעזעאס וויקטאר זאגט צו אים מיין
ליבער העהר ווער זענט איר דען וואס איר ווילט מיט דעם פירשט פרידן
שליסען דער רובר זאגט צו אים איך בין ראזשער דער גרוסר רובר קינג

וויא

וויא קלימענציע האט געהערט אז ער איז ראזשער האט זיא זיך זייער דער שראקן אונ איז אנידר גפאלן אונ האט גחלשת, אזו האט זיא ראזשער אליין אויף גמינטערט ביז זיא איז צו זיך גקומן וויא זיא האט זיך אויף געזעצט אזו זאגט ראזשער צו איר ליב קינר שרעקט זיך ניט דען איך גיב אייך דיא וואפן איבער צו אייך אין דיא הענד אונ איר קענט מיט מיר טון וואס איר ווילט, וויא וויקטאר האט געזעהן אז ער לייגט זיך אזו אונטער האט זיא צו אים גזאגט מיין ליבער הער ראזשער אז איר ווילט יוא מיט דעם פירסט פרידן שליסן אזו קומט מיט אונז דען דער פירסט איז ניט אין שלאס ער איז ביא דעם וואלד ביים מיליטער, ראזשער האט אים גפאלגט אונ ער האט זיך צוריק אויף געזעצט אויף דעם פערד אונ איז גריטן מיט וויקטארן צו דעם וואלד, וויא זייא זענין גקומן פאר דעם וואלד האט וויקטאר דרייא מאל אום גשאסן מיט פאלש פייער אונ ער האט ארוס גנומן זיין ווייס טיכל אונ האט גוויזען אין דער הויך, דער ווייל האט איין גענעראל דער זעהן פון דער ווייטינס דעם צייכן פון דעם ווייסן טיכל איז ער גיך צו גלאפן צום קייזער אונ האט אים גמעלד אז איינער האט אווייסן צייכען גוויזן אונ זייא רייטן אהער דער קייזר האט גהייסן מען זאל אקעגן רייטן אונ מען זאל זעהן ווער דאס איז, דער גענעראל האט מיט זיך מיט גנימען צווייא אפיציערס אונ איז אקעגין גריטן צו זעהין ווער דארט רייט וויא דער גענעראל איז אהין גקומן האט ער געזעהן וויא וויקטאר מיט קלימענציען רייטן אונ איין הער ער זעהט אים צו זיין אזו וויא אגענעראל, נאר ווער ער איז האבן זייא ניט גוויסט דער גענעראל האט גפרעגט ווער איז דער הער, האט אים וויקטאר געענטפערט דאס איז דער הער ראזשער ער וויל פרידן שליסן מיט אונז דער גענעראל האט דאס געהערט האט ער גליך גשיקט איין אפיציער, דאס ער זאל מעלדין ביא דעם קייזער אונ ביא דעם פירשט דאס וויקטאר רייט מיט ראזשערן

אונ

אונ ער וויל פְּרִידֶן שְׁלִיסֶן מִיט דֶעם פִירְשְׁט דֶער אָפִיצִיר אִיז גִיךְ גְרִיטֶן אונ הָאט דָאס גְמֶעלְד, וויא זֵייא הָאבֶּן דָאס גְהֶערְט, זָענִין זֵייא אִים אֶקעגִין גְרִיטֶן, אונ רָאזְשֶׁער אִיז מִיט זֵייא גְרִיטֶן אִין וַואלְד אַרַיין אונ הָאט זֵייא אִיבֶּר גְגֶעבֶּן דָאס וַואלְד, אוּף דִיא בַּאנְדֶרע רוֹבֶּר זֶענִין גְצְווּינְגֶן גְוֶועזְן דִיא וַואפִין אָפּ צוּ לֵייגֶן, אונ מֶען הָאט זֵייא אַלִי גְפַאנְגֶן, דֶער נָאךְ אִיז רָאזְשֶׁער גְגַאנְגֶן מִיט אֵייגֶענֶע סַאלְדַאטִין אִין דֶער הֵייל אַרַיין אונ הָאט אַרוס גְגֶעבֶּן דִיא אַלִי אוֹצְרוֹת פוּן דֶער הֵייל אונ מֶען הָאט דָאס אַלְדִינְג גְפִירְט צוּ דֶעם פִירְשְׁט אונ דֶעם שְׁלָאס אַרַיין.

דֶער קֵייזֶער הָאט רָאזְשֶׁערִין בַּאהַאנְדֶעלְט נִיט וויא מֶען בַּאהַאנְדֶלְט אַרוֹבֶּר נָאר אַזוֹ וויא מֶען בַּהַאנְדֶעלְט אַיין גְפַאנְגֶענֶעם קֵינִיג, אונ דֶעם שְׁלָאס הָאט דֶער קֵייזֶער אִים אֵיינִיגֶע פַארְווירְפֶע גְמַאכְט, נָאר רָאזְשֶׁער הָאט זִיךְ אוּף אַלֶעמֶען פַאר עֶנְפֶרְט, דֶער נָאךְ אִיז צוּ אִים צוּ גְגַאנְגֶען דִיא פְרוֹא וָואלְפֶע אונ זָאגְט צוּ אִים הֶער רָאזְשֶׁער קֶענְט אִיר דֶעם יוּנְג, רָאזְשֶׁער זָאגְט צוּ אִיר נֵיין אִיךְ קֶען אִים נִיט.

וָואלְפֶע נֶעמְט דִיא פָאטָאגְרַפִיע אונ וַוייזְט אִים, זִיא זָאגְט צוּ אִים דָאס אִיז דֶער וָואס עֶר הָאט זִיךְ דָא גְפָאטָאגְרַאפִירְט, דֶער אִיז דֶער זוּן פוּן דֶער פְּרִינְצֶעסִין, וויא רָאזְשֶׁער הָאט דָאס דֶער הֶערְט אונ הָאט דֶער זָעהִין דִיא פָאטָאגְרַאפִיע אִיז עֶר אַנִידֶער גְפַאלֶן חַלָּשׁוּת, אַזוֹ זָענִין צוּ אִים גְלַייךְ דִיא עֶלְצְטֶע דוּ וָואס זֶענִין גְוֶוען מִיט דֶעם קֵייזֶער אונ הָאבֶּן אִים דֶער רֶעטֶעט, רָאזְשֶׁער הָאט זִיךְ אוּף גֶזְעצְט אונ הָאט זִיךְ אַבִּיסֶל סְפָאמִיֶיעְנְטֶעט אוּף הָאט טֶעזֶעאָס ווִיקְטָאר זֵייעֶר אָן גְקוּקְט עֶר אִיז אִים אַרוּם גְפַאלֶן אַרוּם דֶעם הַאלְז אונ הָאט אִים גֶקִישְׁט, אונ דֶער נָאךְ אִיז עֶר צוּ גְפַאלֶן צוּ דֶעם קֵייזֶערְס פִּיס אונ הָאט גְשְׁרִיגֶן אִיךְ הָאבּ פַאר דִינְט דֶעם טוֹט מִיךְ, דֶער קֵייזֶער הָאט אִים אָבֶּר גְהֵייסֶן אוּף הוֹבֶּן

אונ

אונ זאגט צו ראָזשער דער וועק מיר ניט דיא שמערץ דער נאָך האט איס דער קייזער גפרעגט וויא ער האט דיא לייבע פון דער פּרינצעסין בהאלטען ראָזשער האט אים געענפערט דאס ער האט איר גראָזט מאַכן איין זילבערנען זארג אונ ער האט אין דער הייל גמאַכט איין קאמער אונטער דער ערד אונ ער האט זיא דאָרט בגראָבין ·

דער קייזער האט גבעטען דאס ער זאל זיא לאָזין פון דאָרט אַרוס נעמען דען ער וויל זיא לאָזין פירן נאָך פּאָרטוגאל אונ ער זאָגט אים אַלדינג וואס ער האט גטאן ראָזשער איז גפאַלן צו דיא פיס פון דעם קייזר אונ האט אים גבעטין גנאר דער קייזער האט אים גהייסן אוף הייבן אונ האט אים גזאגט אַז ער פאר צייהעט אים ראָזשער איז גיך גגאנגן אונ מיט עטליכי אָפּיצירין אונ האט אים אן גוויזן דיא הייל וויא דיא פּרינצעסין איז גלעגין דער נאָך איז גגאנגען דער קייזער אונ דער פירשט פּריצער אונ דער גאנצר שלאָס אונ דיא מיניסטארין זייא זענין אַלי גגאנגן אין דער הייל אַריין אונ מען האט פון דאָרטן אַרוס גנומן דעם זון מיט דער פּרינצעסין אונ מען האט זיא גפירט נאָך פּאָרטוגאל , אונ מען האט זיא דאָרט אין דעם קיניגליכן בארג באגראבין דיא שטאט האט נאָך איר אַכט טאג גטרוערט דרום איז שון אַלץ פאר געסין גוואָרן דער קייזער האט ראָזשערין אָפּ גגיבן איין אום בעוואָרינטע אינזל אונ האט פאר אים גלאָזט וואַכין גיין דאמוט ער זאל זיך ניט מיישב זיין אונ זאל זיך ניט ווידר צו זאמן זאמלען איין באַנדע ·

אונ איניגי טעג אַרום וויא עס איז שון ראָזשערין פאר געסין געוואָרען האט דער פערסט פּריצער פאר געטראָגען דעם קייזער אַז ער פאר לאנגט אַז דער קייזער מיט דעם גאנצין הויז גיזונד זאָלען אים פאר עהרין אונ צוא אים אין שלאָס אַריין פאָרען ער וויל פאַר

זייערט

זֵייעֶרְט וֶוענִין אַיין בַּאל מַאכֶען דֶער קֵייזֶער הָאט אִים פַאר שְׁפְּרָאכֶע
אונ דֶער פֶּערְשְׁט פְּרִיצָ'נֶר הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיזֶעגֶנְט אונ אִי
אַוֶועק גִפָּארֶען ׃

דֶער פֶּערְשְׁט הָאט בַּיא זִיךְ פַאר גְרֵייט גֶעמַאכְט צוּא מֶערֶע
פַאר דֶעם קֵייזֶערְס וֶועגִין אונ עֶר הָאט גִילָאזְט שֶׁעכְטֶען רִינְדֶער
אונ קֶעלְבֶּער אִיךְ פַאר שִׁידֶענֶע גִיפְלִיגֶעל דָאס אַלֶעס הָאט מֶע
פַאר דֶעם קֵייזֶער גִימַאכְט אונ דְרִיטֶען טָאג אִיז דֶער קֵייזֶער מִי
זַיין גַאנְצֶען הויף גִיקוּמֶען צוּא דֶעם פֶּערְשְׁט אונ שְׁלָאס אַרַיין דֶער
פֶּערְשְׁט הָאט גִילָאזְט דֶעם גַאנְצֶען טָאג פַייעֶרֶען דִיא גַאנְצֶ
גֶעגִינְד אִיז זֵייעֶר פְרֵיילִיךְ גִיוֶועזֶען מֶען הָאט מֶער נִישְׁט גִיהֶערְט נָא
שְׁרַייעֶן עֶס לֶעבֶּען דֶער קֵייזֶער אונ עֶס לֶעבֶּען דֶער פֶּערְשְׁט פְּרִיצֶע
בַּייא דֶער נַאכְט אִיז גִיוֶועזִין שְׁטַאהְלֶע לִימִינַאצִיָע עֶס אִיז אַזוֹ גִיוֶועזֶ
צְווֵייא טָאג אונ צְווֵייא נֶעכְט ׃

בַּייא דֶעם בַּאל ווִיא זֵייא זֶענִין אַזוֹ אַלֶע גִיזֶעסִין פְרֶעגְט דֶער
קֵייזֶער דֶעם פֶּערְשְׁט וָואס אַיין פַאר גִיטֶעגִינְג עֶר פַאר לַאנְגְט פוּן מִיר
וָואס עֶר הָאט אַזוֹ אַיין רַאבֶע אוּים גִיפִירְט אונ פַאר דֶעם וָואס עֶ
הָאט אִין אִים אַזוֹ אַיין כָּבוֹד אָן גֶעטוּן אַזוֹ נֶפְּעֶרְט אִים דֶער
פֶּערְשְׁט פְּרִיצֶער אִיךְ פַאר לַאנְג קֵיין שׁוּם גֶעלְד נִיט דֶען אִיךְ בִּי
רַייךְ גֶענוּג נָאר דָאס אֵיינֶע פַאר לַאנְג אִיךְ דָאס זַיינִי מַייעֶסְטֶעט זָא
פַאר שְׁפְּרֶעכֶען דִיא הוֹכְצֵייט פוּן אִיר אֵיינִיקֶר טָאכְטֶער ווִיקְטָאר מִיט מַי
אֵיינְצִיגִי טָאכְטֶער קְלוּמֶענְצִיָע ׃

ווִיא דֶער קֵייזֶער הָאט דָאס גִיהֶערְט זָאגְט עֶר צוּא דֶעם פֶּערְשְׁ
נָאר דָאס אֵיינֶע פַאר לַאנְגֶען זֵייא פוּן מִיר דָאס אִיז צוּא ווֵיינִיג אִי

פַאר'

פַאר שְׁפְּרֶעכֶע עֶס אוּהנֶען אוּנ אִיךְ גִיבּ אִים מַיְנִי רֶעגוּרִינְג אוּנ עֶס זָאל נָאךְ דֶעם מָאנְתַייט גִישֶׁעהֶן וִויא דֶער פֶּערְשְׁט הָאט גִיזֶעהֶן אַז דֶער קֵייזֶער אִיז פְרֵיילִיךְ דְרִיבֶּער אוּנ עֶר בֶּעשְׁטֵייט דְרוּיף אַזוֹי זָאגְט עֶר צוּא דֶעם קֵייזֶער אִיךְ שֵׁיינְק אִים אוּיךְ מַיין גַאנְצֶעס רַייכְטֶעם אוּנ מֶען הָאט גְלַייךְ אֵיינֶע פַאר לוּבוּנְג גִישְׁרִיבֶּען. אוּנ דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג נָאךְ דֶער פַאר לוּבִּינְג אִיז דֶער קֵייזֶער מִיט זַיינֶעם מוּנוּסְטָארְיוּם נָאךְ הוֹיז גִיפָארֶען אוּנ מֶען הָאט גְלַייךְ וֶועגֶען דֶער הוּבְצַייגְט פַאר בְּרֵייט גִימַאכְט.

וִויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען דִיא צַייט פוּן דֶער פַאר מֶעלוּנְג הָאט דֶער קֵייזֶער גִישִׁיקְט גִילְדֶענֶע קַאלְאַיסֶען צוּא דֶעם פֶּערְשְׁט אַז זֵייא זָאלֶען קוּמֶען דֶען עֶר הָאט שׁוֹן אַלֶעס גִיהֶעזְט מַאכֶען אוּנ אָרְדֶענוּג וִויא דֶער פֶּערְשְׁט הָאט גִיזֶעהֶן דִיא קַאלְאַיסֶען וָואס דֶער קֵייזֶער הָאט גִישִׁיקְט הָאט עֶר זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרֵייט עֶר הָאט גִילָאזְט אוּף זַיינֶע וֶועגִין אוּף לָאדִין זַיין גַאנְצֶען שַׁאץ אוּנ זֶענִין גֶעפָארֶען נָאךְ פַארְטוּגַאל אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט הָאבֶּען דָארְטֶען גִיוַוארְט שִׁשִׁים רִבּוֹא מֶענְטְשֶׁען וָואס זֶענִין נַייא יֶערִיג גִוֶועזִין צוּא קֶענִין דָאס גְלִיקְלֶעכֶע פָּאר פָאלְק אוּךְ וָוער דֶער נַייעֶר קֶענִיג וֶועט זַיין וָואס דֶער קֵייזֶער גִיט אִים אִיבֶּער דִיא מְלוּכָה בַּייא דֶעם לֶעבִּין:

וִויא זֵייא זֶענִין אָן גִיקוּמֶען אִיז גִיוָוארִין אַיין גִישְׁרֵייא עֶס לֶעבֶּען דָאס נַייעֶס פָאר אָבֶּער עֶס לֶעבֶּען דֶער נַייעֶר קֶענִיג הָאט מֶען גִישְׁט גִיהֶערְט רוּפֶען וָוארֶען דָאס פּוּבְּלִיקֶעם הָאט אִים נָאךְ נִישְׁט גִיקֶענְט אַזוֹי הָאבִּין זֵייא נִישְׁט גִוִויסְט צוּא אִיז עֶר רָאוּי צוּא זַיין אַיין קִינוּג אוּנ צוּא זֵייא זָאלֶען דְרִיבֶּער אַיין וִוילֶעגֶען (וָוארֶען פַאר צַייטֶען הָאט אַיין קֶענִיג בֶּעדַארְפְט צוּא זַיין אַיין גְרוֹיסֶער הֶעלְד עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט

צוּא

צוא קענען אליין פעכטין אונ דער מלחמה דער קייזער האט דאס
גליקליכע פאר פאלק אליין גיפירט אונ דער קוכע צו דער טרואונג
אונ נאך דער טרויאונג האט דער קייזער אראפ גינומען זיין קרון פון
זיין קאפ אונ האט זיא אן געטין אויף וויקטארס קאפ דאס איז גיוועזין
איין צייכען אז דער קייזער גיט אים איבער דוא מלוכה וויא דאס
פובליקום האט גיזעהן אז דער קייזער טוט אים אליין אן זיין קרון
אויף דעם קאפ האבין ערשט דיא פובליקום אן גיהובין צוא שרייען עס
לעבען דער נייער יונגער קייזער טעזעאס וויקטאר.

דיא פאבליקע איז זייער פרייליך גיוועזין איבער דעם יונגען קייזער
וואס מען האט גימאכט וואָרען דער קייזער איז שוין גיוועזין איין אלטער
מאן ער האט שוין קיין כח נישט גיהאט אליין אונ דער מלחמה אריין
צוא גיין אונ קיין זון האט ער אויך נישט גיהאט דורך דעם זענין זייא
צוא פרידען גיוועזין וואס דער קייזער האט טעזעאסן גיקריינט אונ צוא
דעם איז ער גיוועזין זייער איין גרוסער העלד ער האט פאר שטאנען
זייער גוט וויא אזו קריג צוא פירען וויא עס איז אוועק גגאנגען איין
צייט פון צווייא יאר וואס טעזאס וויקטאר האט רעגירט אזו האט זיך
דער קייזער דער מאנט אין זיין טאכטער פעדרא וואס זיא איז גישטארבן
אונ ער האט זיך צום הארץ גינומען אונ איז גישטארבען איין יאר נאך
דעם קייזערס טויט האט זיך אן גירופען איין קליין קעניגעל אונ האט
פאר לאנגט אז טעזעאס וויקטאר זאל אים געבין איין האלבע מלוכה ער
האט צוא אים גיטאנית דאס דער קייזער פון פארטיגאל איז גיוועזין
זיין פעטיר אונ ווען ער האט קריג גיפירט איז ער אים צוא הילף
גגאנגען היינט אז ער איז גישטארבין אונ קיין קינדער האט ער נישט
איבער גילאזט גיהער אים בירושה איין האלבע מלוכה אונ אזו באלד ער
וויר

וויל נִישְׁט אִים גֶעבִּין מִיט גוּטִין אִיז עֶר גִיצְווִינְגֶען מִיט אִים קְרִיג צוּא פִירִין עֶר הָאט אִים גְגֶעבִּין צַייט אוּנ אַיין מָאנְהַייט עֶר זָאל אִים עֶנְטְפֶער גֶעבִּין. אוֹדֶר זָאנְסְט זָאלאֶער אִים זִיךְ אַקֶעגִין שְׁטֶעלִין.

וִויא טֶעזַאס וִויקְטָאר הָאט דָאס גִיהֶערְט אִיז עֶר זֵייעֶר אִיבָּר רַאשְׁט גְוָוארָען דֶען עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ מִיט קַיין קוּמְרִיעֶס נִישְׁט גִשְׁלָאגִין נָאר עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער נִישְׁט גִיטָארְט לָאזִין אָבּ שְׁרֶעקִין עֶר הָאט זִיךְ בֶּערָאטֶען מִיט דֶעם פֶּערְשְׁט וָואס עֶר זָאל דָא טוּן דֶער פֶּערְשְׁט הָאט אִים זֵייעֶר גִישְׁטַארְקְט אוּנ הָאט צוּא אִים גִיזָאגְט שְׁרֶעק דִיךְ נִישְׁט מַיין הֵיגֶר חָאטְשְׁע אִיךְ בִּין אַיין אַלְטֶער מַאן וֶועל אִיךְ מִיט דִיר אַלֵיין גֵיין אוּנ דֶער מִלְחָמָה אַרַיין אוּנ קַיין הָאלְבִּי מְלוּכָה זָאלְסְטוּ נִישְׁט אַוֶועק גֶעבִּין טֶעזָארַאס וִויקְטָאר הָאט אִים צוּא גִיהֶערְט עֶר הָאט גִשִׁיקְט נָאךְ דֶעם מוּנוּסְטוּרְיוּם אוּנ הָאט זֵייא דָאס אַלֶעס דֶער צֵיילְט אַזוֹ הָאבִּין זֵייא אוֹךְ גִיזָאגְט אַז עֶס אִיז רֶעכְט מִיט אִים קְרִיג צוּא פִירֶען וָוארֶן אַזוֹ בַּאלְד עֶר וֶועט אִים הַיינְט נָאךְ גֶעבִּין דָאס וֶועט עֶר שְׁפֶּעטֶער פַאר לַאנְגֶען עֶפִּים אַנְדֶערְשׁ:

דָאס מוּנוּסְטֶערְיוּם הָאט גִילָאזְט צוּא זַאמֶען רוּפֶען דָאס גַאנְצֶע מוּלוּטֶר אוּנ מֶען הָאט זֵייא גִיט בֶּעוָואפּוּנְט אוּנ זֶענִין גְגַאנְגֶען אוּנ דֶער מִלְחָמָה אַרַיין טֶעזֶעאָס וִויקְטָאר אִיז אַלֵיין גִירוּטֶען פַאר אוּם עֶר הָאט אַלֵיין גִיהַארְטֶען דִיא קַאמַאנְדֶע עֶר הָאט בַּייא זִיךְ גִידֶענְקְט טָאמֶער אִיז אִים עֶמִיצֶער פַאלְשׁ אוּנ דֶער מִלְחָמָה הָאט טֶעזֶעאָס וִויקְטָאר זִיךְ אַלֵיין גִיפָאכְטֶען מִיט דֶעם תַיִל אוּנ עֶר הָאט זֵייא בַּייא גְקוּמֶען וִויא דָאס מוּלוּטֶער פוּן טֶעזֶעאָסֶען הָאבִּין גִיזֶעהִין וָואס פַאר אַיין הֶעלְד עֶר אִיז חָאבֶּען זֵייא גְרוֹיס מַאכְט גִיקְרִיגֶען אוּנ הָאבֶּען מִיט קָארַאשׁ זִיךְ גְשְׁלָאגֶן בִּיז עֶס אִיז נִיט אִיבֶּער גִיבְּלִיבֶּען פוּן דֶעם קִינוּגִיל קַיין שָׂרִיד וּפָלִיט דָס

קִינִיגְעל

קִינִיגֶעל אִיז נֶעבִּיךְ אַנְטְלוֹפִין גְוואַרֶען בְּעֵרוּם וּבְחוֹסֶר כֹּל אוּנ טְעזֶעאָס
וִויקְטָאר הָאט נָאךְ אִיבֶּער גִינוּמֶען זַיין מְלוּכָה אוֹיךְ (דָאס אִיז דֶער סוֹף
אַז אֵיינֶער הָאט אַיין גְרוֹס אִיג אִיף יֶעוּעְמְס פִּיזְשִׁיעֶט מֶען גוּט זַיינֶעם)
טְעזֶעאַס הָאט גְלַייךְ גִיזָאגְט אָפּ רַייסֶען דִיא אָרְדֶערְס פוּן דִיא אַמְטוֹן אוּנ
הָאט זַיינִי אָרְדֶערְס גִיזָאגְט אוּף שְׁלָאגֶען אוֹיךְ זַיין מוּלוּטֶער הָאט עֶר
דָארְטֶען אִיבֶּער גִיזָאגְט אוּנ עֶר וְאִיז זִיךְ צוּ רִיק אַהֵיים נָאךְ פַּארְטוּגַאל
וִויא עֶר אִיז אַהֵיים גְקוּמֶען זֶענִין אִים דִיא אַלִי גְרֶעסְטֶע הֶערִין . אַקֶעגֶן
גְגַאנְגֶן אוּנ מֶען הָאט אִים זֵייעֶר גְרוֹס כָּבוֹד אָן גִיטָאן וַוייל מֶען הָאט
גִיהֶערְט וִויא אַזוֹ עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין זֵייעֶר גוּט אוּם גְצֵייכֶנְט דִיא שְׁטָאט
אִיז זֵייעֶר פְרֵיילִיךְ גְוועזִין עֶר הָאט קֶעגִין זַיין מְדִינָה זֵייעֶר גוּטְס גִיטָאן
אַזוֹ לַאנְג בִּיז עֶר הָאט גִילֶעבְּט ׃

## ענדע דיא פערטע טייל